חיהלע גראַבער

# צו דער גרויסער ליכט

י. מונאַקער

פאַרלאַג „ביאַליסטאָקער וועגן" ביים ביאַליסטאָקער פאַרבאַנד
אין אַרגענטינע.

בוענאָס איירעס

# אַריינפיר

ווען אַ קינסטלערין אַרבעט אָפּ אויף איין געביט אַ לעבן לאַנג און נעמט זיך פּלוצלינג צו שרייבן אַ בוך, שטעלט מען איר פאַרשידענע פראַגעס: „ווען?", „ווי אַזוי?". איינער אַן אַלטער, ווייטער קרוב אונדזערער האָט מיך פּשוט אַ פרעג געטאָן:

— זע, זאָלסטו געזונט זיין, ווי קומט עס צו דיר...?!

איז וויל איך פאַרענטפערן די אַלע פראַגעס.

דעם ווינטער 1941/42 בין איך געבליבן פאַרשפּאַרט אין מיין מאָנטרעאַלער היים — צוגעשמידט צום בעט, פון אַ קראַנקייט, די סיבה פון וועלכער מען האָט נאָך ניט אויסגעפונען ביז היינטיקן טאָג. איך מיין, אַז איך האָב דאַן דורכגע־קרענקט אונדזער גרויסן חורבן.

מיין בעסטער פריינט איז דאַן געוואָרן און פאַרבליבן מיין פּראָפעסאָרין פון ענגליש — בעטי מעיער. איר האָב איך אָנגעהויבן צו דערציילן עפּיזאָדן פון מיין קינדהייט. זי האָט מיך באַווירקט עס צו פאַרשרייבן און זי איז געווען מיין אינס־פּיראַציע פאַר דעם ערשטן, ענגלישן מאַנוסקריפּט (ניט געדרוקט).

אין 1945, ווען די ערד פון מיינע אָבות האָבן אויסגעברענט צוזאַמען מיט די רעשטלעך פון זייער פאָרם, האָב איך באַקומען דירעקט אַ דראַנג איבערצוגעבן דאָס וואָס איך געדענק; צו פאַראייביקן די נעמען פון די, וועלכע האָבן מיך באַ־שאָנקען מיט ליבע און פריינטשאַפט; איבערגעבן דאָס וואָס כ'האָב באַקומען

חיהלע גראַבער

פֿון מיינע גרויסע לערער און מדריכים; זיך טיילן מיט די דערפֿאַרונגען וואָס איך האָב אויף מיינע וועגן געהאַט.

איך ווידמע דאָס בוך אַ פריינט — רחל צימשטיין־זבאַר; די אורעלטערן זענען נאָך שכנים געווען, די עלטערן — פריינט, און מירביידע זענען געוואַקסן צוזאַמען. אַן איידעלע, ערלעכע, גוטע נשמה איז געווען „די מאַמע" רחל.

דאָס וואָס די לאַנדסלייט אין בוענאָס־איירעס העלפֿן אַרויסגעבן דאָס בוך איז פֿאַקטיש די איניציאַטיווע פֿון דעם פרעזידענט זייערן יצחק מונאַקער; עס האָט באַגליקט מיינע אַרגענטינער לאַנדסלייט צו האָבן אין דער שפּיץ אַ קול־טורעלן, קינסטלערישן מענטשן — אַ יונגן, גייסטרייכן טוער. דריק איך דאָ אויס מיין פרייד, וואָס דאָס בוך איז פֿאַרבונדן מיט די, וועלכע האָבן די געהעריקע באַציונג צו אַ קינסטלער און צו זיין ווערק.

חיהלע ג.

## קאַפּיטל 1

# שטאָם און וואָרצלען



אַנג, לאַנג נאָך פאַרן דריטן חורבן איז געווען אַ שטאָט — ביאַליסטאָק. כאָטש די גובערניע מיט איר גובערנאַטאָר האָבן זיך איינגעפונדעוועט אין גראָדנע, איז ביאַליסטאָק פאָרט געווען די הויפּטשטאָט. ווייזט אויס, אַז מיינע אָבות האָבן שוין געוויכט פון די ערשער און זיך געצויגן ווייטער פון דער מאַכט. ביאַליסטאָק מיט אירע איבער הונדערט טויזנט איינוווינער איז נישט אָפּגע־שטאַנען פון די גרויסע שטעט אין רוסלאַנד. געווען דאָרט אַ פאָרשטאָט, אַ הויפּט־שטאָט און אַ הינטער-שטאָט; געווען גאַסן, געסלעך און הינטערגעסלעך; געווען גבירים, אַריסטאָקראַטן און פיינע לייט; געווען „פּאַראַייניקטע” — רעוואָלוציאָ־נערן, ערלעכע אַרבעטער, — אַ וועלט, און אויך געווען אַן אונטערוועלט... געווען גרויסע טוך-פאַבריקן; שיינע געשעפטן, באַרימטע דאָקטוירים, עלעגאַנטע „פריי־לינס”, בחורימלעך-פּאַצעטלעך — אַלץ האָט ביאַליסטאָק פאַרמאָגט.

פון מיינע אורעלטערן איז מיר באַקאַנט בלויז מיין מוטערס צד. פון פאָ־טערס צד געדענק איך נאָר די פּאַראַליזירטע באָבע און דעם שוסטער, וועלכער האָט געהאַט די חזקה צו מאַכן אונדז שיך אויף יעדן פּסח. און די חזקה האָט ער געהאַט, ווייל ער האָט נאָך געאַרבעט ביי מיין זיידן. דאָס איז אַלץ וואָס איך ווייס פון יענעם זיידן מיינעם. דערפאַר אָבער ווייס איך שוין גאָר אַ סך פון מיין זיידן

געצל ראַזמאַן. דער זיידע מיינער האָט פאַרזייט די וואָרצלען זיינע הינטערן שטאָט און אומבאַוווסטזיניק געגעבן די מעגלעכקייט קומענדיקע דורות צו גיין פאָרויס צו דער גרויסער שטאָט און פון דאָרט צו דער גרויסער וועלט!...

ווייט אויף באַנייקעס, אַנטקעגן די „מאַגילקעס" אויפן ראָג שאַיעס גאַס, אויף אַ גרויסן הויף אַרומגעצאַמט מיט אַ ווייס-געקאַלכטן פּאַרקאַן, האָט זיך רחבותדיק אויסגעלייגט דאָס הויז פון געצל ראַזמאַן. טיף אין הויף האָט זיך געצויגן דאָס לאַנגע איינשטאָקיקע הויז מיט ברייטע טירן צום אַריינגיין און גרויסע פענצטער צום אַרויסקוקן. אינעווייניק איז דאָס הויז געווען דורכגעשניטן אין שלאָפצימערן, אַן עסצימער, אַ סאַליע, אַ צימער פאַר דינסטן, אַ פאָרהויז, אַ קיך. אַלץ איז געווען גערױם און ציכטיק, אַלץ איז געווען אויסגערעכנט פאַר געסט געריפענע און ניט דערוואַרטע. דעם גרעסטן שטח האָט פאַרנומען די קיך. אַ קיך — אַ פאַבריק! דאָ פלעגט אַרבעט אָנגיין מיט איבערשעהן, און אַ גאַנץ יאָר. אַ גאַנצן זומער האָט מען געפּרעגלט איינגעמאַכטס; נאָך סוכות האָט מען געשטעלט קרויט, אוגערקעס, בוראַקעס; באַלד נאָך חנוכה האָט מען געפּרעגלט געגנדז אויף שמאַלץ און גריבענעס; באַלד נאָך פּורים האָט מען געשייערט און געכשרט כלים אויף פּסח, נאָך דעם האָט מען באַדאַרפט אַרויסטראָגן דעם פּסח און צוריק אַריינברענגען דעם חמץ. און שוין באַלד האָט מען געפּראַוועט שבועות און זיך ווידער גענומען צו די איינגעמאַכטסן.

דורכן ברייט-צעעפנטן טויער פלעגן דראָשקעס אין זומער און שליטנס אין ווינטער אַריינפאָרן אָפּרוען מידע פערד און טרייבער, אָפּעסן און אָנפּויען, אַרויס-שיטן דאָס ביסל מזומן און „וויאָ" דורכן ברייטן טויער צוריק אין שטאָט אַריין. דעם גאַנצן זומער זענען לאַנגע טישן געווען אויסגעשטעלט אויפן ברייטן הויף און דאָ פלעגן כלים פולע אויסגעלייקט ווערן, הויפנס אַרויסגעלייגט געלט גע-ציילט ווערן און מענטשן און פערד פלעגן שפּאַנען הין און צוריק — טאָג און נאַכט.

מיין זיידע געצל איז געווען אַ היציקער. מיט דער פאַנטאַזיע איז ער גע-פלויגן אַ סך ווייטער ווי זיינע פערד האָבן אים געקענט פאַרטראָגן. איך גלויב, אַז זוען נישט זיין אַסטמע, וואָלט ער זיכער געווען ערגעץ אין ענגלאַנד אָדער אַמע-ריקע. ער איז אָבער געשטראָפט געווען פון גאָט און די איינציקע ווייטע רייזע וואָס ער האָט געמאַכט איז געווען קיין אָדעס צום לימאַן. מיין באָבע פלעגט אָפט דערציילן ווי דער זיידע איז געפאָרן „אויפן לימאַן" און מיטגענומען מיט זיך די

בת-יחידה באבעלע. און ווי אזוי מען האָט זי געלערנט דאָרט שווימען ליגנדיק אינגאַנצן „נאַזנאַק'' — אויפן פּלייצע. דערציילנדיק דאָס פלעגט די באָבע תמיד טיף א זיפץ טאָן און מיט דעם אויסדריקן איר טיפן טרויער נאָך איר געליבטן מאַן.

געצל ראָזמאַן איז געווען דער בעל-הבית איבער די פערד און איבער די טרייבער. א בעל-הבית א כעסן. אָבער א ברייטע האַנט און נאָך א ברייטער האַרץ — האָט מען אים ליב געהאַט, כאָטש מען פלעגט מורא האָבן.

טויבע-ריווע געצעליכעס — דאָס ווייב הייסט עס — איז געווען שטיל ווי א טויב, גוט ווי א מלאך און געפירט דעם גאַנצן הויף ווי מען פירט א מדינה. פלעגן חוץ „מענטשן'' — אָנגעשטעלטע, אויך ווייבער און קינדער קומען און גיין אין מיטנוואָכעדיקע טעג און אין יום־טובים. א בן־יחיד זיידל און א בת־יחידה באבעל זענען געבליבן פון זיבן. האָט מען די „צוויי אויגן אין קאָפּ'' גע-היט און געקעכלט.

געצל דעם בעל-הבית, דעם מאַן און דעם טאַטן, האָט מען פאַרגעבן דעם בעס, ווייל ער איז געווען א שוואַכער, טאַקע צוליב דער אַסטמע. איז אויף טויבע ריווען געלעגן דער יאָך ניט נאָר פון דער באַלעבאַטישקייט און קינדער, נאָר אויך פון מאַן. די שטילע טויב האָט אָבער שטיל און צניעותדיק געטראָגן איר יאָך ביי געצלס לעבן, און שטיל און צניעותדיק אויפגענומען איר גורל, ווען ער איז גע-שטאָרבן. א שיינע, יונגע אלמנה איז טויבע־ריווע געצעליכעס געבליבן מיט צוויי קליינע יתומים אויף די הענט.

זיידל דער בן־יחיד איז געווען געראָטן אין טאַטן, האָט נישט געסטייעט קיין כוחות אים צו פאַרהיטן. פון דער פריער יוגנט אָן האָבן ווייטע קלאַנגען פון א נייער וועלט צערייצט זיין פאַנטאַזיע און אים פאַרטראָגן קיין אַמעריקע. ריכ-טיקער געזאָגט, נישט פאַרטראָגן, נאָר געטראָגן קיין אַמעריקע און צוריק. און אַז די גאַנצע זאָרג איז פאַרבליבן איבער דער בת-יחידה באבעלע, האָט מען אָנגע-הויבן רעדן איר שידוכים צו גאַנצע פופצן יאָר. ווען דער ערשטער חתן איז געקומען זי אָנקוקן, האָט זי זיך אַזוי פאַרשעמט, אַז זי האָט זיך פאַרבאַהאַלטן הינטער דער טיר. אָבער אַז דאָס איז געווען א זאַך א באַשערטע, איז קלאָר פון דעם, וואָס דער ערשטער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן. מען האָט געשריבן תנאים, געבראָכן טעלער, אָפּגעגעבן מזל־טוב די פאַרקנסטע חתן־כלה באַבעלע ראָזמאַן און מוליע גראָבער. אין דעם פאַל, ווי אין אַלע אַזעלכע פאַלן, זענען זיך צונויפ־

געקומען צווייגן פון פאַרשידענע וווקסן: פון דער כלהס צד האָבן זיך געצויגן שטילע, באַשיידענע, אָרימע גוטע מחותנים און מחותנתטעס, פון חתנס צד זענען אַראָפּגעקומען אַ ביסעלע פאַרביסענע, אַ ביסעלע פאַרריסענע, בעל-גאווהדיקע, נענטערע צי ווייטערע קרובים. האָט זיך ס׳יונגע לעבן אָנגעהויבן מיט נייע זאָרגן פאַר דער מאַמע טויבע־ריווע.

אויף יאַטקע-גאַס, לעבן נייעם גרינעם בית-המדרש, אין הויז פון אלימלך, האָט ס׳יונגע ווייבל באַבעלע געבויט איר קעניגרייך מיטן ניינצן־יאָריקן בוכהאַל־טער מוליע גראַבער. דאָ זענען געבוירן געוואָרן די ערשטע צוויי יינגלעך און דאָ זענען זיי געשטאָרבן. און טויבע ריווע האָט באַשלאָסן צו פאַרקויפן דעם הויף, אויסצובויען אַ דריישטאָקיק הויז און אַריבערצוגיין וווינען און באַשיצן איר בת־יחידה — איר „אויג פון קאָפּ״.

דאָס הויז האָט מען שוין געבויט אַ ביסל ווייטער פון כאַנאַיקעס, אַ ביסל נענטער צו שטאָט און צו „אינטעליגענץ״... דאָס הויז איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם יידישן בית-עלמין און געהאַט פון איין זייט דעם אַפּטייקער ליפשיץ און פון דער צווייטער זייט די גרויסע הייזער פון די סערעבראַוויטשעס און פון די צימ־שטיינס. דאָ האָט גאָט באַשאָנקען טויבע־ריוועןמיט אַ ביסל גליק פון קינדס־קינדער. דאָ האָט זי געהאָדעוועט אירע צוויי איניקלעך — מיין ברודער מאָטלען און מיך.

ווען איך האָב באַדאַרפט געבוירן ווערן, איז שוין מיין ברודער געווען אַ בחור פון פיר יאָר. מיין מוטער האָט אים געזויגן מיט איר ברוסט, געוואַרעמט מיט איר אָטעם, אַריינגעהויכט אין אים די גאַנצע ליבשאַפט פון די פאַרשטאָר־בענע צוויי יינגלעך און איר גאַנץ וועזן איז געווען פאַרפולט מיט אים. אָבער אין אַ פראָסטיקן פעברואַר — אין מיטן העלן טאָג, איז אַראָפּגעקומען אַ מיאוס קליין באַשעפעניש בצורת אישה — אין געשטאַלט פון אַ מיידל, און האָט צעשטערט די אידיליע... האָב איך מיט זיך נישט געבראַכט קיין גרויס פרייד פאַר מיין מו־טער און אויך נישט פאַר מיין ברודער. האָט די ערשטע גרויסע וואַרעמקייט אין מיר אַריינגעהויכט מיין באָבע און די ערשטע טראָפּנס מילך האָב איך אַרויסגע־זויגן פון אַ שוסטערקע — אַן אָרעמע, אַן אויסגעדאַרטע שוסטערקע פון האָראָדאָק.

ווען איך בין אלט געווען שוין אכט חדשים און מיין פאטער איז געקומען מיך זען, האט ער מיך געטראפן אין דעם שוסטערס איינציקן קעמערל אויף דער שמו-ציקער פאדלאגע, קייענדיק א שטיק שווארצן ראזעווען ברויט אנשטאט דער שוס-טערקעס ברוסט. איז די באבע געקומען צולויפן, צוגענומען מיך אהיים, און פון יענעם טאג אן בין איך אריין אין איר רשות.

## קאַפּיטל 2

# מיין היים



ון זינט מיין זכרון פירט מיך, האָבן מיר געהאַט אַ מויער פון דריי שטאָק, אַ דירה באַלד אונטן מיט גרויסע צימערן און מיט אַ קאָנטאָרקע פאַר מיין פאָטער. צו יענער צייט פון מיין קינדהייט האָט שוין מיין פאָטער געפירט אייגענע געשעפטן. מיין מוטער פלעגט דערציילן, אַז איידער אונדזער פאָטער האָט אָנגעהויבן פירן געשעפטן פאַר זיך, האָט ער געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער פאַר איינעם אַ יאָפּע. מיין פאָטער איז געווען אַ גוטער בוכהאַלטער, אַן ערלעכער „מענטש” און אַן איבערגעגעבענער פריינט פון די יאָפּעס. אין סעזאָן־צייט פלעגט ער אַרבעטן ביז אין שפּעטע נעכט. מיין מוטער האָט יעדעס יאָר געהאָפּט אויף אַ הוספה, אָבער מיין פאָטער פלעגט יעדעס יאָר ברענגען אַהיים „הער” יאָפּעס גרוסן. אַז ס'איז געוואָרן צען יאָר פון מיין פאָטערס דינען ביי יאָפּען, האָט ער געבראַכט אַהיים אַ קאָנווערט, אין וועלכן ס'איז געלעגן אַ בריוועלע מיט די בעסטע ווינטשעוואַניעס און אַ קליינע פאָטאָגראַפיע פון הער יאָפּע מיט זיין אייגנהאַנטיקער אונטערשריפט...

דאָ האָט מיין מוטער באַשלאָסן פאַר מיין פאָטער, ער זאָל אָנהויבן צו פירן אייגענע געשעפטן. איז ער געוואָרן און פאַרבליבן אַ קאָמיסיאָנער פון טוך.

מיין פאָטער איז געווען אַ שיינער מאַן פון מיטעלן וווקס, עלעגאַנט איי־דאָפּעיש געקליידט. געהאַט אַ גוטן רויקן קאָפּ, געדעדט שיין און געלאַסן, געווען פינקטלעך און ערלעך. ער איז פון דער נאַטור געווען באַשאַנקען מיט אַ שיינעם לירישן טענאָר. האָט געחלומט צו ווערן אַ זינגער, האָט געלערנט מוזיק (שוין נאָך דער חתונה), געוואָלט ווערן אַ חזן. אָבער די מאַמע מיינע האָט נישט געוואָלט זיין קיין חזנטע און זיין קאַריערע האָט זיך געענדיקט מיט אַ „ימים נוראים" אין אַלטן גרינעם בית־המדרש. דאָס איז פאַרבליבן אַ חזקה פאַר זיין לעבן אין ביאַליסטאָק.

מיין מוטער איז געווען אַ הויכע, אַ ברייט־פּלייציקע, אַ פולע, געהאַט אַ שטאָלצן, טונקעלן קאָפּ און טיפע, טונקעלע אויגן. זיך געהאַלטן רויק און גע־גאַנגען מאַיעסטעטיש און ווי אַ קעניגין האָט מען זי באַהאַנדלט. מיין באָבע האָט תמיד אָפּגעהיט דאָס הויז. מיין מוטער האָט „געפירט" דאָס הויז און די געשעפטן. אויך זי האָט געזונגען, געהאַט אַ גוטע סאָפּראַנאָ און ליב געהאַט מוזיק. אָבער וואָס ווייטער איז דאָס זינגען געוואָרן שווערער, ווייזט אויס, געירשנט פון זיידן די אַסטמע. מיר, קינדער, האָבן איבערגענומען די מוזיקאַלישקייט פון טאַטע־מאַמע און עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ קוואַרטעט, וואָס פלעגט קלינגען שבתים און ימים־טובים און וועלכער האָט אָפּגעקלונגען און געקראָגן אַ שם ווייט מחוץ ביאַליסטאָק.

באַלד נאָך אונדזער צוריקקער פון דער דאַטשע, פלעגן שוין די גבאים פון נייעם גרינעם בית־מדרש אָנהייבן קומען אַרומרעדן די קומענדיקע ימים־נוראים. מען פלעגט ווידער און אָבעראַמאָל דערמאָנען „מיט וואָס פאַרא מתיקות פּאַניע גראָבער האָט עס אַוועקגעלייגט אַ מוסף" און ווי ער „האָט צענומען די ווייבער מיט זיין נעילה"... נאָכדעם האָט מען אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז פּאַניע גראָבער וועט אויך דאָס יאָר אָננעמען די בקשה פון דעם גאַנצן בית־מדרש, — אפשר אַ כל־נדרי? ביי מיין פאָטער האָט מען זיך ניט באַדאַרפט לאַנג בעטן; ער האָט ליב געהאַט געזאַנג און ער פלעגט אַליין שטאַרק הנאה האָבן פון זיינע תפילות.

מיין פאָטער האָט זיך ניט געגאַרגלט, ניט געטרונקען קיין גאָגל־מאָגלס, ניט געגאַנגען אַרומגעוויקלט מיט פאַטשיילעס. ער פלעגט אַ גאַנץ יאָר, יעדן פרימאָרגן ביים אָנטאָן זיך, זינגען פאַרשידענע שטיקלעך, — אַ ליד, אַ תפילה, און דאָס זעלבע פלעגט ער טאָן פאַר די יום־טובים. דאָס זינגען איז ביי מיין פאָטער גע־

גאַנגען פּונקט אַזוי לייכט ווי דאָס רעדן; מען פלעגט זיצן ביים טיש, רעדן, דערציילן, און מיט דערזועלבער נאַטירלעכקייט זינגען. איך געדענק ניט, ס'זאָלן האָבן געווען אַ סך טעג אָן געזאַנג אין אונדזער הויז. שבתים און יום־טובים פלעגן מיר האָבן אַ סך געסט אין שטוב און אַ סך צוהערער הינטער די פענצטער. אין די זומערן פלעגט אונדזער דאַטשע תמיד ווערן דער צענטער. באַלד נאָך פּסח האָט מען אָנגעהויבן קומען נאָכפרעגן זיך, וווהין און ווען מיר פאָרן אַרויס, ווייל מען וויל דאָך זיין „מיט באַבקען צוזאַמען".

אין די זומערן, ווען מיר פלעגן האָבן אונדזער דאַטשע איז ביאַליסטאָקער וואַלד, איז סאַלאָמאָן לעוו אַרויסגעקומען יעדן שבת נאָכמיטיק. מיין פאָטער פלעגט צו דער באַשטימטער צייט אַרויסגיין אים אַנטקעגן און מיך פלעגט ער פירן ביי דער זייט זיינער, און יעדעס מאָל אויף דעם שפּאַציר פלעגט מיין פאָ־טער —אַריינקומענדיק טיף אין וואַלד— אָנהייבן זינגען:

„אָ־אָ, בערעגיס" . . .*)

פון אָנהייב פלעגט זיך נאָכדעם דערהערן בלויז דער אָפּקלאַנג — דער עכאָ, אָבער אַביסל שפּעטער האָט מען דערהערט פון דער טיף פון וואַלד אַן ענטפער פון אַ באַס: „בע־רע־גי־ס", — דאָ פלעגט מיין פאָטער ווידער אויסזינגען:

„אָ־אָ, בערעגיס" . . .

און לעוו פלעגט ענטפערן: „בערעגיס". נאָכדעם האָבן ביידע שטימען פון צוויי עקן וואַלד זיך צוזאַמענגעגאָסן אין:

„...אי פּאָ דאַלשע דיערזשיס..." **).




*) אָ, היט זיך!
**) און ווייטער האַלט זיך.

## חיהלע גראַבער

שבתים און ימים-טובים זענען אין אונדזער היים דורכגעפירט געוואָרן מיט א דורותדיקער טראַדיציע. צוזאַמען מיטן זון-אונטערגאַנג איז אויפגעגאַנגען דער פלאַטער פון שבתדיקע ליכט. דער גלאַנץ פון די זילבערנע לייכטער און די כלים אויפן שנייוויסן, פריש-געפרעסטן טישטעך האָבן אָנגעפילט מיט פרייד. דעם פאָטערס „גוט שבת" נאָכן דאַווענען און זיין זינגענדיקער קידוש האָבן געקלונגען אין מיינע אויערן די גאַנצע וואָך פון שבת ביז שבת. אַלץ איז געווען טראַדיציע: די געסט, דער סדר אין וועלכן די געסט זענען געקומען, האָט זיך פון שבת צו שבת קיינמאָל נישט געביטן. דער ערשטער צו קומען איז שטענדיק געווען סאַלאָמאָן לעוו.

סאַלאָמאָן לעוו איז געווען א הויכער, א דיקער, דער קאָפּ מער גלאַט ווי האָריק. איך האָב שטענדיק געטראַכט, אז דאָס ביסל האָר איז געבליבן בלויז צו דערציילן, אז ער איז באמת א געלער. זיין פּנים איז געווען רונד, מיט ברייט-אָפענע, טיף-ברוינע אויגן און א פעסטער ברייטער נאָז. זיין פּנים האָט שטענדיק ווייך און דיסקרעט געשמייכלט און זיין נשמה האָט שטענדיק געזונגען. ער איז געווען א סוחר. א שניט-געשעפט האָט ער געהאַט. האָט מען פאַרנט אין געשעפט געמאָסטן סחורות, פון הינטן, פון פינצטערן צימערל, האָבן זיך געטראָגן טענער פון זיין פידל אויף וועלכן לעוו האָט געשפּילט צווישן קונה און קונה. איך מיין, אז פידל האָט ער געשפּילט בלויז דערפאַר, ווייל צו זינגען אין געשעפט מיט זיין באַס-באַ-ריטאָן וואָלט געווען צו דרייסט. לעוו האָט געהאַט א באַס-באַריטאָן ווייך ווי פּו-טער און זיס ווי האָניק. ווען ער פלעגט זינגען, פלעגט די נאָז ווערן נאָך ברייטער און די טונקל-ברוינע אויגן פלעגן זיך אָנגיסן ווי פולע בעכער ווין.

סאַלאָמאָן לעוו איז געווען דער איינציקער לאַנגיאָריקער פריינט פון מיין פאָטער און דער שטענדיקער באַס-באַריטאָן אין אונדזער פאַמיליען-קוואַרטעט.

דער צווייטער גאַסט צו קומען איז שטענדיק געווען „דאָס פעטערל". דאָס פעטערל איז געווען א פאַמיליען-אָנקל, כאָטש א פעטער איז ער געווען בלויז צו מיין פאָטער. איז דאָס פעטערל געווען אַמאָל יונג? מיר האָבן אים תמיד געקענט פאַר א קליינינקן, א דאַרינקן, ליבינקן פעטערל, מיט א לאַנג, שיטער, ווייס בער-דעלע, מיט קליינינקע פּיכטע אייגעלעך און א ציטערדיק דין שטימעלע. ער האָט גערעדט זייער ווייניק און נאָך שטילער. אָבער עס האָט אים שטענדיק געצויגן צו זינגען. ביי זיך אין דער היים פלעגן די קינדער לאַכן פון זיין זינגען און זיין ברע-נענדיקע, שוואַרצע ראָבקע פלעגט זיך בייזערן. דערפאַר אָבער פלעגט ער שוין ביי אונדז פּרייטיק-צו-נאַכטס „קומען צום אויסדרוק".

די אַלע פּריוויק-צו-נאַכטסן זענען שוין געווען די געוויינלעכע, פאַרשטענד־לעכע, אָנגענומענע אָוונטן ביי אונדז אין הויז. עס פלעגן אָבער יעדן ווינטער פאָרקומען די „גרויסע פּריוויק-צו-נאַכטסן". דאָס איז געווען דאַן, ווען עס פלעגט קומען אַן אויסערגעוויינלעכער גאַסט. און נישט סתם אַזוי אַ גאַסט, וועלכער קומט אַראָפּ בלויז צו אונדז, נאָר אַ גאַסט, וועלכער קומט אַראָפּ קיין ביאַליסטאָק, צו ביאַליסטאָקער יידן, צו די יידן, וועלכע האָבן ליב און וועלכע זענען מבינים אויף געזאַנג, אויף חזנות! — פון די געסט פלעגט קיין איינער נישט דורכלאָזן צו זיין מיט אונדז אַ פּריוויק אָוונט. דער גרויסער חזן סיראָטאַ און דער גרויסער מוזי־קאַלישער זינגער קוואַרטין זענען געווען ביי אונדז אָפטע געסט. די ווייניקער באַרימטע חזנים פלעגן זיך דורכשרייבן מיט מיין פאָטער נאָך פאַרן קומען. באַ־לעבאַטים פלעגן קומען פרעגן מבינות אויף דעם אָדער יענעם חזן פון וויטעבסק, צי פון אָדעס; פון קישיניעוו, צי פון ווילנע... און אַז מען האָט שוין אונטער־געשריבן אַן אָפּמאַך אויף אַ שבת צי אַ יום-טוב פלעגט מיין פאָטערס „קאָנ־טאָרקע" ווערן אַ מין „טיקעט-אָפיס"... האָט ער ביי אַלעמען געקראָגן אַ שם ווייט אויסער די גרענעצן פון ביאַליסטאָק.

מיינע עלטערן האָבן זיך אָבער נישט באַגנוגנט בלויז מיט חזנות און האָבן נישט געדינט כלי־קודש. זיי פלעגן אַרויספאָרן אויף רוסישע קאָנצערטן אויך, — אַרויספאָרן טאַקע. ביאַליסטאָק איז געלעגן אויף אַ דירעקטער ליניע מאָסקווע־פּאַריז, פלעגן אַלע גרויסע זינגער און גרויסע אַרטיסטן זיך אָפּשטעלן אויף גאַסט־ראָלן און קאָנצערטן. ביאַליסטאָק האָט געהאַט אַ רעאַל-שולע, אַ קאָמערץ-שולע, אַ גימנאַזיע פאַר יינגלעך, אַ גימנאַזיע פאַר מיידלעך און עטלעכע פּריוואַטע שו־לעס; האָט זיך ביי אונדז אויסגעהאָדעוועט און דערצויגן אַ יוגנט, — אַ געזונטע, אַ לעבעדיקע, אַ זאַרגלאָזע יוגנט, — סיי אָרעם, סיי רייך.

די הויפּט־שטריכן פון די ביאַליסטאָקער זענען — גאַסטפריינטלעכקייט און מוזיקאַלישקייט. טאַקע דערפאַר קלינגען אָפּ די שטימען פון ביאַליסטאָקער מיט אַ ספּעציעלן אָפּטימיזם און מיט אַ טיפער וואַרעמקייט. און טאַקע דערפאַר האָבן מיר אַן אָפענעם, ערלעכן קוק און אַ באַשיידענעם, ליבן שמייכל.

דאָס איז ביאַליסטאָק!

אין ביאַליסטאָק איז אַ טעאַטער-, אָדער קאָנצערט-אָוונט געווען אַ גרויסער יום-טוב. נישט קיין געשעעניש, ווייל נישט ניי, אָבער יום-טוב איז געווען. ביי

אונדז פּלעגט מען ארומגיין מיט בילעטן אין טאַש וואָכן איידער דער ארטיסט פּלעגט אָנקומען. דער טאָג פון קאָנצערט פלעגט זיין אַן ערב יום־טוב. מע פלעגט אָפּעסן פאר פרי, מע פלעגט זיך וואַשן און איבערטאָן. ס׳הייסט אראָפּוואַרפן די וואָכעדיקייט און אריינגיין אין יום־טובדיקייט. און אכט אזייגער האָט מען שוין ארויסגעשיקט נאָך אַן „איזוואָשטשיק״ און מען איז געפאָרן אין טעאַטער. נאָכדעם האָט מען גערעדט ביז שפּעט באַנאַכט אַ גאַנצע וואָך, און פּרייטיק־צו־נאַכטס פלעגט מען איבערזינגען וואָס מען האָט גערענקט.

אַט אזוי האָט מען ביי אונדז אין הויז געלעבט פון סוחרים (ווען גאָט האָט געהאָלפן און זיי האָבן נישט באַנקראָטירט...) און זיך אויסגעלעבט אין מוזיק; אויסגעלעבט זיך און געהאָלפן זינגער און שפּילער צו לעבן.

ווען איך בין נאָך געווען גאַנץ קליין, האָט פּאַסירט פּאָלגנדעס: אין איינעם אַ פרילינג־טאָג איז אריין אַ ייד צו מיין פּאָטער אין „קאָנטאָרקע״, — אַ ייד אַ פעסטער און מיט אַ שטימע אויך אַזאַ, און געזאָגט: „איך בין געקומען צו אייך, פּאַניע גראָבער, פון זאַבלודאָווע. איך האָב דאָרט אַ סטאָלעריי. מיין יינגל זיצט גאַנצע טעג אין שטאָל, האָט אויפגעקלעפּט פון ברעטלעך אַ פידעלע, ארויסגעריסן ביים פערד פון ווײדל האָר, אָנגעצויגן זיי אויפן פידעלע און שפּילט. אפשר קענט איר אים העלפן זיך לערנען?״

דעם פּרייטיק פון דער זעלבער וואָך איז ביים טיש געזעסן דאָס קליינע, שעמעוודיקע יינגעלע, און פון דאַן אָן איז זיין געלעגער געווען אויף דער קאַנאַפּע אין דער קאָנטאָרקע. ער האָט גענומען פּריוואַטע לעקציעס אין ביאַליסטאָק, ביז דער לערער האָט דערקלערט, אַז ער איז שוין צוגעגרייט פאַר אַ קאָנסערוואַטאָריע. דאַן האָט לעוו צוזאַמען מיט מיינע עלטערן אים ארויסבאַגלייט קיין בערלין.

עס איז אַוועק אַ צייט און קליין און גרויס האָבן נאָך אַלץ גערעדט וועגן דעם, אַז אונדזער משפחה דערציט ערגעץ אַ גרויסן פידלער. ביז אין אַ געוויסן טאָג אין מיטן ווינטער האָט אַ פרייד באַלויכטן אַלע פּנימער אין שטוב: צעסלער, דער יונגער פידלער, קומט אראָפּ אויף אַ באַזוך! אַלץ און אַלע האָבן זיך אַ דריי געטאָן ווי אין אַ קאַראַהאָד. די באָבע איז געוואָרן שטאַרק באַשעפטיקט מיט איינקויפן, אָנבאַקן און אָפּקאָכן; דינסטן האָבן געשייערט און געוואַשן; שטיקער מעבל האָבן זיך גערוקט פון איין ווינקל צו אַ צווייטן און איינס צום צווייטן האָט געשריגן: מאַכט פּלאַץ, געסט קומען!

דעם פרייטיק האָבן לייכטער געשיינט מער ווי תמיד, אויגן האָבן געפינקלט און פנימער האָבן געלויכטן — אַלץ איז געווען אָנגעפילט מיט אַ פריידיקער דער־וואַרטונג. צוזאַמען מיטן שבת האָט אַריינשפּאַצירט אַ נידעריקער, ברייטפּלייצי־קער יונגערמאַן מיט באַשיידענע, אָבער זיכערע טריט, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן פּעלערינע־מאַנטל, מיט אַ ברייטן, שוואַרצן, ווייכן הוט און מיט אַ פידעלע אין אַ שוואַרצן פוטלאַר אונטערן אָרעם. שבת־צו־נאַכטס האָבן געסט אָנגעהויבן שטראָמען נאָך פאַר הבדלה. מען האָט פאַרנומען פּלעצער אויפן פּאָל, אויף בו־פעטן, טישן, — די ווענט זענען געווען באַקלעפּט מיט מענטשן. און פון אַ ווינ־קעלע האָבן זיך געטראָגן גאָלדענע טענער! — טענער וואָס צעגיסן זיך אין אייערע גלידער, מישן זיך אויס מיט אייער בלוט און בלייבן מיט אייך אויף אַ לעבן לאַנג! . . .

מיר דוכט זיך אָפּט, אַז דער פּאַל מיט דעם ייִנגעלע פון זאַבלודאָווע, האָט פאַרזייט אין מיין אונטערבאַוווסטזיין דעם באַגריף: קאָנצערט און פּובליקום.



די באָבע טויבע־ריווע און דער זיידע געצל ראָזמאַן.

## קאַפּיטל 3

# מיין באָבע טויבע־ריזע


ונקט אַזוי ווי ס'זענען געווען קאַלירנרייך און יום־טובדיק די שבתים, אַזוי זענען געווען טרויעריק און מאָנאָטאָן מיינע וואָכעדיקע טעג. אַ סך ווינטער־טעג איז מיין מוטער אָפּגעלעגן אין בעט און דאָס פלעגט אָנפילן דאָס הויז מיט אַ באַזונדער שטילקייט; אַזאַ שטילקייט, אַז מען פלעגט פון לעצטן צימער הערן דעם טיק־טאַק פון אונדזער לאַנגן וואַנט־זייגער, וועלכער איז געהאָנגען ביי דער „פאַראַדנער'' טיר. די ווינטערן זענען געווען לאַנגע און פראָסטיקע און איך פלעג הוסטן און ניסן פון סוכות ביז פּסח. דאָס איז געווען דער תירוץ מיטצונעמען מיין ברודער אומעטום, ווו מען פלעגט גיין, און מיך איבערצולאָזן מיט דער באָבען.

מיין פאָטער פלעגט זיצן ביים שרייבטיש ביז שפּעט אין די נעכט. ער פלעגט מאַכן „די קאָרעספּאָנדענץ''. זיין פעדער פלעגט זיך גליטשן רויק און גלייך און תמיד מיטן זעלבן ריטם. אַלע בריוו פלעגן דורכגיין דורך דער מאַמעס צענזור, דאַן פלעגן זיי אַריינגיין אונטער דער קאָפּיר־מאַשין, פון מאַשין אין קאָנווערט, פון קאָנווערט צום פּאָסטקעסטל אויפן ראָג גאַס. אַזוי נאַכט־איין נאַכט־אויס, חוץ אין אָוונטן, ווען מען פלעגט אַרויספאָרן אין טעאַטער, אָדער אַרויסגיין צו גאַסט (מיט מיין ברודער נאַטירלעך). איך פלעג בלייבן אַ פאַרשעמטע

אין הויז. מיין באָבע פלעגט מיך באַרויקן מיט דעם וואָס מיין ברודער איז על־טער, און איך פלעג וויינען נאָך שטאַרקער, טראַכטנדיק, אַז איך וועל אים שוין קיינמאָל נישט דעריאָגן...

אין אזעלכע אָוונטן פלעגט מיין באָבע מיר דערציילן מעשהלעך — מעשהלעך מיט גזלנים אין וואַלד, מיט לייבן און בערן, מיט ציגיינערקעס און שוואַרצע קעץ, און פאַרענדיקן פלעגט זי מיט אַ לידעלע:

אַי, אויפן מיטן וועג,
וו אַלע פאָרן,
ליגט אַ שיינער בליימעלע...

Andante



און פלעגט פאַרענדיקן —

אַי, דאָס מיינט מען סיפּאָלק ישראל, קינד מיינס!

דאָס אַלץ פלעגט דורכגעפּירט ווערן ביים טיש, אויף וועלכן זי פלעגט אוועקשטעלן אַ פּאָר סאָרטן איינגעמאַכטס, כאַלוואַ און צוויי גלעזער טיי וואָס האָבן געשיינט ווי רובינען. מיין גאַנצע קינדהייט האָב איך פאַרבראַכט מיט מיין באָבען און אַלע מיינע דערינערונגען וועגן איר טראָגן דעם ריח פון פרישן איינ־געמאַכטס און דעם בליאַסק פון עכטן שטיין.

אַ ציכטיקע, ליכטיקע געשטאַלט איז געווען מיין באָבע טויבע־ריווע. זי פלעגט זיך באַוועגן רויק און ריטמיש, פלעגט רעדן שטיל און וואַרעם, פלעגט קוקן טיף, ליב, און אַ ביסל טרויעריק. און די הענט אירע זענען געווען ווייס,

וואַרעם, און תמיד גלעטנדיק. דער גאַנצער קערפּער אירער איז געווען ווייס ווי מאַרמאָר און געשמעקט מיט מאַנדלען. יאָ! ליכט, ליבשאַפט און גוטע מידות האָבן אירע שטילע טריט אַרומגעטראָגן איבער איר וועלט אין וועלכער זי האָט געלעבט. דאָס גוטס וואָס זי האָט געטאָן צו אָרעמע און קראַנקע איז נישט געווען אין פאָרם פון נדבות, עס איז געווען נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך. עס איז געווען אַ טראַדיציע איינצוקויפן אויף שבת אַלע דאַנערשטיק, און ביי דער געלעגנהייט טאָר מען נישט פאַרגעסן צו ברענגען מיט זיך פונעם מאַרק אַ קניפּל קליינגעלט פאַר די פּרייטיקדיקע אָרעמעלייט, און דער אָרעמאַן וואָס פלעגט דורכלאָזן אַ פרייטיק, פלעגט אָפּקריגן זיין גראָשן אָדער קאָפּיקע דעם צווייטן פרייטיק.

באַקן און קאָכן פלעגט מען אָנהויבן פרי פאַרטאָג און דאָס איז אָנגעגאַנגען ביז ליכט-בענטשן. פאַר ליכט-בענטשן פלעגט מיין באָבע זיך אַרומוואַשן, אַריינגיין אין איר שוואַרץ קאַשימירן קלייד, אָנטאָן דאָס שוואַרצע, לייכטע שייטל מיטן שרונט אין דער מיט, און אַז זי האָט אַרויסגענומען פונעם קליינעם קעסטעלע די דימענטענע אויריננגלעך און אַריינגעהאָנגען אין אירע אויערן, האָט עס שוין געהייסן: פאַרטיק! פאַרטיק אויפצונעמען די מלכה שבת!

יעדן פרייטיק פאַר ליכט-בענטשן פלעגט מיך די באָבע אַריינרופן אין קיך אַריין אויסצופירן מיינע שליחותן. יעדן פרייטיק פלעגט זי דורכגיין די זעלבע פּראָצעדור:

— ערשטנס, קינד מיינס, לויף אַריבער צו די צימשטיינס און ברענג וואָס זי וועט דיר געבן.

נאָכדעם פלעגט זי אָנהויבן צו צעטיילן די פּאָרציעס איינגעמאַכטס, פיש, חלה און פלעגט זאָגן צו מיר:

— איצט, קינד מיינס, טראָג דאָס אַוועק צו נחמהן, נאָכהער וועסטו דאָס אַריבערברענגען צו שרהקע חנהס, פון דאָרטן וועסטו אַריבערלויפן מיט דעם טעפּעלע צו לאַהקען, זי איז נעבעך קראַנק — גאָט זאָל איר העלפן... און פון דאָרט קום צוריק, נעם די לעצטע עטלעכע זאַכן און טראָג אַוועק צו די איבעריקע. שנעל! זיי דאַרפן עס קריגן איידער די מענער קומען פון שול...

ווען איך פלעג אויספירן די אַלע שליחותן, פלעגט זי מיך קושן און שטענדיק דערמאָנען, אַז איך טייל מיט איר די שטול פון גן-עדן.

איינמאָל, אין אַ פּראַקטיקן פּרייטיק, בין איך געלאָפן צוריק פון די שלי־חותן; דער ווייסער שניי האָט פאַרשאָטן די ביימער אויפן בית-עלמין און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מתים גייען מיר אַנטקעגן!... איך לויף און זיי גליטשן זיך אַזוי שטיל גלייך צו מיר. איך בין אַריינגעלאָפן אין הויף און בין אַריינגע־פאַלן אין מיין באַבעס אָרעמס. איך האָב געציטערט פון שרעק, נישט פון קעלט, און האָב געוויינט אָן אַן אויפהער. אויף צומאָרגנס, באַלד נאָך הבדלה, האָט מיין באָבע געשיקט רופן די אָפּשפּרעכערקע. די קליינינקע יידענע, מיטן טשיפּיקל אויף איר ישאַקלדיק קעפּעלע, האָט צעלאָזן אַ לעפל בליי, אַ גאַנץ גאַנטאַן עס אין אַ שיסל קאַלט וואַסער און ס'איז גלייך געוואָרן אויסגעגאָסן אַ קאַזע מיט הערנער, אַזוי ווי די קאָזעס אויף סערעבראָוויטשעס הויף... די יידענע האָט געהאַלטן די שיסל איבער מיין קאָפּ, עפּעס געשעפּטשעט מיט פאַרמאַכטע אויגן און נאָך דעם האָט זי מיך אָפּגעבלאָזן, און די שרעק איז „צוגענומען געוואָרן ווי מיט דער האַנט"...

דאָס איז געווען מיין ערשטע גרויסע שרעק. עס האָט נישט געהאָלפן וואָס זי האָט אויסגעגאָסן אַ קאָזע. איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן מתים וואָס שטייען אויף פון די קברים און גליטשן זיך צו קליינע קינדער. פון דעמאָלט אָן האָב איך עפּעס אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ „יענער וועלט". אַ וועלט, ווו ס'איז דאָ מיין זיידע און מיינע ברידערלעך. וויפל איך האָב נישט געבעטן מען זאָל מיך פירן אויפן בית-עולם זען די „יענע וועלט", האָט מיין באָבע נישט גע־וואָלט. בין איך דאָס ערשטע מאָל געווען דאָרט, ווען מיין באָבע האָט מיך שוין נישט געקענט פאַרהיטן. און געווען בין איך אויפן בית-עולם אויך אין אַ ווינטער־טאָג. דאָס איז געווען אין ווינטער נאָכן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם.

אַ דאָנערשטיק אָוונט איז מיין באָבע אַרויף צו זען אירע אייניקלעך פון דעם בן-יחיד זיידלען, און גייענדיק צוריק אין דער פינצטער, איז זי אַרונטער־געפאַלן פון די טרעפּ און זי האָט זיך צעשפּאָלטן דעם קאָפּ. איך געדענק ווי דאָס בלוט האָט גערונען, ווי מיין מוטער האָט צוגעלייגט אייז-וואַסער צו איר שטערן, און אַזוי ווי איצט געדענק איך ווי מיין באָבע האָט געזאָגט: „שרעק זיך נישט, מאַכטער מיינע, אַז ס'איז באַשערט — לעבט מען".

איך געדענק נישט מיין באָבע זאָל ווען עס איז זיין קראַנק, ביז איר לעצ־טער וואָך פאַרן שטאַרבן. איך בין נאָך געווען זייער קליין, אָבער איך האָב פאַר־בראַכט אַ וואָך ישלאָפלאָזע נעכט. איך אַליין האָב אָפּגעהיט אירע לעצטע טריט פון איר „זיין" צו דער „אייביקייט". אויב עס קען זיין אַ מענטש אַ פּערפעקטער, אַ מענטש אַבסאָלוט ריין, פיזיש און גייסטיק, איז עס געווען מיין באָבע.

ווען מען איז געקומען צוריק פון בית-עלמין, האָב איך וויינענדיק ביטער ארויסגעזיפצט: „איצט האָב איך נישט פאַר וועמען צו לעבן״. ביי די ווערטער האָט מיין מוטער אויף מיר אַ קוק געטאָן און מיר דוכט זיך, אז זי האָט ערשט דאַן באַגריפן, צום ערשטן מאָל, דעם גרויסן פעלער וואָס זי איז באַגאַנגען מיט איר נאַכלעסיקייט צו מיר. נאָך מיין באָבעס טויט איז געוואָרן פוסט דאָס הויז און איינזאַם מיין לעבן. דעם גאַנצן ווינטער נאָך מיין באָבעס טויט האָט דאָס הויז געטרויערט. די מוטער פלעגט צינדן ליכט און דערביי לאָזן שטילע, ווי באָב גרויסע טרערן; אין די פרייטיק-צו-נאַכטסן האָט מען שוין נישט געזונגען, און דעם ערשטן זומער נאָך איר טויט איז די פאַמיליע ארויסגעפאָרן אויף דאַטשע קיין „זווערינייעץ״.

## קאַפּיטל 4

# דאָס ערשטע טעאַטער — פּעטער קלמן

ארוואָס אונדזער שיינער סאָסנאָווער וואַלד, די גאָראָדניאַני און יעגנאַטקי, האָט געהייסן „זווערינייעץ” ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז די גרעסטע חיה וואָס איך האָב דאָרט געזען איז געווען אַ זשאַבע.

די דאַטשעס אין וועלכער מיר האָבן זיך באַזעצט, זענען געווען אַנטקעגן דעם „פּאַרק” צום וואַלד צו. האָט מען דעם גאַנצן טאָג איינגעאָטעמט די סאָסנאָווע לופט און יעדן פאַרנאַכט שפּאַצירטביים פּאַרק און איינגעזאַפּט געדיכטן שטויב פון דער „קאָנקע” — דער טראַמוויי מיט צוויי פערד — און פון די דראָזשקעס, וואָס פלעגן פליען הין און צוריק מיט די „פּאָרלעך”. זעקס אַזייגער פאַרנאַכט פלעגט דער פרייער אַריינגאַנג אין פּאַרק ווערן געשלאָסן און עס פלעגן שטראָמען פאַרפּוצטע פרויען און מענער צו דער קאַסע פאַר די פּאַרק־פאַרוויילונגען. אין פּאַרק איז געווען אַ גרויס, פאַרמאַכט טעאַטער, אַן אָפענע בינע — די „אָטקריטע סצענע”, און אַ גרויסער רעסטאָראַן מיט לאַנגע טעראַסן, וואָס האָט געהייסן דער „שאַנטאַן”. די אָפענע בינע האָט געהאַט אַ טרופּע פאַרן גאַנצן זומער. די פרויען פון דער טרופּע האָבן געהייסן „די שאַנסאָנעטקעס”. אָנשטענדיקע פאַמיליען־פרויען פלעגן אויף די שאַנסאָנעטקעס קוקן פון אויבן אַראָפּ. יונגעלייט, וועלכע פלעגן עסן מיט די שאַנסאָנעטקעס אויף דער גאַלעריע פון דעם „שאַנטאַן”, זענען געווען באַ-

רימט פאַר די „שאַרלאַטאַנטשיקלעך״, דאָס הייסט, אַז זיי זענען געווען אויסגעלאַסענע מענטשן און מען האָט זיך מיט זיי ניט באַראַפט חברן...

אַ באַהאַלטענער דראַנג צו אַ פּובליקום האָט מיך תמיד אָנגערעגט צו זינגען, ווען נאָר כ׳פלעג דערפילן, אַז עמיצער הערט זיך צו. און דעם זומער האָבן זיך צו מיר צוגעהערט די שכנים, די „שאַנסאָנעטקעס״ אַליין. זיי האָבן מיך איין מאָל אַריינגערופן צו זיך, אויסגעפּרעגט פאַרשידענע זאַכן און איינגעלאַדן מיך אין פּאַרק אַריין צו זען זיי שפּילן. איינע פון זיי האָט מיר געגעבן אירם אַ קלייד און אָנגעזאָגט, אַז דאָס דאַרף איך ווייזן דעם מאַן ביים אַריינגאַנג, וועט ער מיך דורכלאָזן אָן אַ בילעט. מיין אויפרעגונג איז געווען זייער גרויס; אָן אויפרעגונג פאַר דעם, וואָס ס׳שטייט מיר פאָר, און פאַר דעם ווי אַזוי איך זאָל עס אויסבאַהאַלטן פון מיינע עלטערן און הויפּטזאַכלעך פון ברודער.

דער גרויסער מאָמענט איז אָנגעקומען. איך בין געשטאַנען ביים סאַמע ראַנד פון דער בינע און האָב מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם צוגעקוקט און צוגעהערט זיך... די וואָס האָט מיך אַריינגעפירט אַהין איז געווען אַ קליינע, אַ שוואַרצע מיט אַ פּאַ־פירן, שוואַרץ פלעקל אויפן באַק. דאָס קלייד, וואָס איך האָב פאַר איר אַריינ־געבערענגט, איז געווען זייער קורץ מיט אַ סך „ריושקעס״ און בלישטשעדיקע שוואַר־צע גלעזלעך. זי איז געווען אין דעם מער נאַקעט ווי אָנגעטאָן... זי האָט געזונגען און געטאַנצט און נאָך יעדן קופּלעט האָט זי צוזאַמען מיטן פּובליקום שטאַרק געלאַכט. ווען זי האָט געענדיקט, האָט זי געקושט אירע אייגענע הענט און געוואָרפן זיי צום עולם. איר פּנים האָט געפלאַקערט, אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן געפינקלט אין אַלע זייטן אַרום. געזונגען האָט זי:

אָ, קוקט אַהער,
אָ, קוקט אַהין,
עס האָט אַ טעם און סיהאָט אַ זין.
ניין, ניין, נישט דאָרט, אָ, קוקט אַהער,
דאָס איז אַלץ פאַר אייער באַגער...





די עלטערן פון דער אויטאָרין — באָבל און מוליע גראָבער.

זי האָט אוועקגערויבט מיין רו. איך בין געווען גרייט איבערצוטראָגן אַלע שטראָפן אויב מען וועט מיך כאַפּן. זי איז געוואָרן מיין גאָט צו וועלכן איך האָב זיך געבוקט. זי איז געווען די, וואָס האָט פאַר מיר אַנטפּלעקט דעם גרויסן סוד פון דער וועלט, וועגן וועלכער איך האָב געטרוימט. זי האָט מיך באַקאַנט מיטן ערשטן טעאַטער.

אין די פריע יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט האָט די געזעלשאַפט געקוקט פון אויבן אַראָפּ נישט נאָר אויף אַ „שאַנסאָנעטקע". אַפילו דראַמאַטישע שוי־שפּילער און באַרימטע זינגער זענען אין דער „געזעלשאַפט" נישט אויפגענומען געוואָרן. מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אין דער „הבימה" אין מאָסקווע, האָט דער וועלט־באַרימטער זינגער פיאָדאָר שאַליאַפּין אונדז דערציילט פון זיינע פריעסטע דערפאַרונגען: ער איז געווען איינגעלאַדן אין אַ גרויסן רייכן סאַלאָן צו זינגען פאַר די געסט. דאָס איז געווען אין דער צייט פון זיינע ערשטע גרויסע דערפאָלגן אין רוסלאַנד. מען האָט אים אויסגעהערט מיט באַגייסטערונג און באַלד נאָכן קאָנצערט האָט מען אים דורך אַ דינער צוגעשיקט אַ קאָנווערט מיט דעם לוין פאַר זיין „אַרבעט" און מיט „אַ גוטע נאַכט"...

דאָס איז געווען אין יענע יאָרן די באַציונג פון דער „געזעלשאַפט" צו קונסט און צו קינסטלער. אויף מיין מזל איז אויסגעפאַלן אַראָפּצונידערן אויף דער ערד לאַנג פאַר די „מואווים", לאַנג פאַר טעלעוויזיע. האָט ניט געהאָלפן, וואָס אַלע מיינע חושים האָבן געלעכצט נאָך מוזיק און אַלע מיינע חלומות זענען געווען פאַרבונדן מיט אַ וועלט פון קונסט. ס'איז נישט געקומען אויפן געדאַנק פון מיינע עלטערן צו פירן מיך אין די וועגן.

מיין ערשטער לערער איז געווען אַ טרוקענער מלמד. דעם ערשטן רבין מיי־נעם געדענק איך ווי דורך אַ חלום. ער איז געווען אַ לאַנגער אויסגעדאַרטער ייד. אומבאַוווסטזיניק האָב איך אַטמאָספערע תמיד אויפגענומען זייער שאַרף. און איך פיל נאָך איצט דעם ריח פון ברודנע וועש אויסגעמיישט מיט דעם ריח פון געקעכטס; איך זע נאָך איצט די קליינע שויבן באַדעקט מיט שטיקער אייז. אין דעם חדר האָב איך פאַרבראַכט אַ ווינטער. צי איך האָב זיך עפּעס אויסגעלערנט דאָרט, געדענק איך נישט. דער צווייטער לערער מיינער איז געווען מיין פעטער קלמן, מיין פאָטערס שטיפברודער. אים געדענק איך שוין זייער גוט. אויך זיין דריט ווייב דבורהקע. ער איז ביי איר אויך שוין ניט געווען דער ערשטער מאָן. מיין פעטער קלמן איז געווען אַ שיינער, ריינער ייד. אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ ביסל אַ רויטלעך, קורץ, שיין־

צעקעמט בערדל. אויף זיין טונקל-גרויען אַנצוג און שווארצן פּאַלטן איז קיין מאָל נישט געווען קיין שפּרינקעלע. די שיך האָבן שטענדיק געגלאַנצט. ער האָט געטראָגן אַ ווייס העמד מיט אַ שווארצן שניפּס און אַ ווייס אַקוראַטנע צונויפגעלייגט טיכעלע אין קעשענע. ער איז געווען אַ גוטער, האָט קיין מאָל אויף מיר נישט געשריגן. ער איז געווען דער איינציקער פון מיין פאָטערס צד, וואָס האָט מיין מוטער ליב געהאַט, פלעגט שטענדיק פאַרברענגען מיט איר, דערציילן איר וועגן זיין דבורהקע — די מרשעת... וועגן דער ליבער, זיסער שכנה זיינער... איין מאָל האָט ער געבראַכט צוטראָגן אַ גרויס בילד פון דער ליבער שכנה זיינער, און מיין מוטער האָט עס פאַר אים באַדאַרפט אויסבאַהאַלטן. איז לאַנגע יאָרן געשטאַנען אין דער פאַרשלאָסענער שאַפע מיט זאַכן דאָס בילד פון אַ דיקער, שווארצער יידענע אין אַ גרויס שייטל. פעטער קלמן פלעגט אָפּט אַרויסנעמען דאָס בילד, באַטראַכטן און שמייכלען...

איידער מיין פעטער האָט אָנגעהויבן לערנען מיט מיר, איז ער געווען אויף אַ „קאָנדיציע". עפּעס אין אַ דאָרף, ביי אַ וואַלד-סוחר, האָט ער געלערנט מיט קינדער. ער פלעגט אָפּט אַנטלויפן פון דער „מרשעת" זיינער. זי איז געווען אַן אַקושערקע און האָט גראָד פאַרדינט זייער גוט, אָבער ווו זי האָט איר געלט פאַרבאַהאַלטן, האָט קיינער נישט געוווסט און מיטן גוטן פעטער קלמן פלעגט זי זיך האַלטן אין איין קריגן. ס'הייסט, זי האָט געשריגן און ער האָט געשוויגן. אָבער צעגיין זיך מיט אים האָט זי נישט געוואָלט. ער פלעגט אַנטלויפן און זי פלעגט אַרבעטן מעשים, ביז ער פלעגט קומען צוריק. פון זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן דער „ראָמאַן" זיינער, האָבן זיך גאָר געקערט וועלטן! די גאַנצע זינד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער פלעגט דאָרטן עסן אַן אָנבייסן, טרינקען אַ גלאָז טיי, קוקן אויף דער יידענע, שמייכלען און זיפצן... דאָס אַלץ פלעגט דערציילט ווערן ביי אַ גלעזל טיי, נאָך מיין אוראָק. זייער זעלטן פלעגט דבורהקע קומען צו אונדז, — איך פלעג זיין ביי זיי אַלע פסח צו גאַסט. זי פלעגט שטעלן כיבוד, אָבער זי פלעגט מיך אַזוי אָנקוקן מיט אירע גרויסע בייזע אויגן, אַז כ'פלעג מורא האָבן עפּעס אָנצורירן.

זי איז נישט געווען קיין מיאוסע פרוי. אָבער אירע ליפּן האָבן אָדער געשאָטן פעך און שוועבל אויף אַלץ און אַלעמען, אָדער זיך פאַרשלאָסן פעסט און אַ ביסל אויסגעקרימט און דאַן האָבן די אויגן געוואַלדעוועט. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. דער פעטער האָט געקענט לערנען, האָט געשריבן גלייך און שיין און האָט מיט מיר געלערנט אַ לענגערע צייט.

דערנאָך האָט מען מיך שוין אַריינגעגעבן צו געווירצן אין שולע.

געווירץ און זיין פרוי זענען שוין דעמאָלט געווען אַלט. ער האָט געהאַט אַ הויכע פּלייצע, זי האָט געהאַט אַ הויכע ברוסט. פון אַלע לערער דאָרט געדענק איך בלויז בערמאַנען — אונדזער לערער פון געזאַנג. בערמאַן איז זיין גאַנץ לעבן געווען כאָר־דיריגענט אין דער גרויסער כאָר־שול און געזאַנג־לערער פון די שולעס און גימ־נאַזיעס אין ביאַליסטאָק. מיט זיין הוט און אין דעם פּעלערינע־מאַנטל האָט ער מער אויסגעזען ווי אַ פּאָעט. די גאַנצע שטאָט האָט פאַר אים געהאַט גרויס אַכטונג. ער איז געווען דער מוזיקאַלישער אויטאָריטעט פון ביאַליסטאָק. פון געווירצן איז מען שוין געגאַנגען אין אַ פּראָגימנאַזיע, אַ גימנאַזיע, אָדער קאָמערץ־שולע.

מיט געווירצס שולע איז פאַרבונדן מיין איינדרוק פון דעם ,,פּאָזשאַר'', ווען די שטאָט האָט געברענט פון אַלע פיר עקן. און געווען איז עס אָט ווי: אין אַ זוניקן פּרילינג־טאָג איז מיין פאָטער געקומען צו לויפן און מיך אויף די הענט אַוועקגע־טראָגן אַהיים. מענטשן זענען געלאָפן אין פּאַניק און גערעדט ווי צו זיך: ,,דאָס איז אַ שטיקל אַרבעט פון די פּאַרייניקטע !''. איך האָב גאָרנישט געפילט קיין שרעק. אָנשטאָט דעם האָב איך געפילט אַ פריידיקע צופרידנקייט, וואָס אין אַזאַ ערנסטער צייט האָט מען געטראַכט וועגן מיר און איצט האַלט מען מיך שטאַרק צו און מען גלעט מיך. די אַלע פאַלן, ווען מען האָט מיך געצערטלט — איבערהויפּט ווען די מאַ־מע האָט מיך געצערטלט — האָבן זיך שטאַרק איינגעקריצט אין מיין זכרון. מן־הסתם איז עס דערפאַר, וואָס אַזעלכע פאַלן זענען געווען זעלטענע און אויך דערפאַר, ווייל איך האָב אַזוי געלעכצט נאָך צערטלעכקייט.

מיין מאַמע איז געווען זייער אַ פאַרשלאָסענע. זי פלעגט ווייניק רעדן וועגן אירע ליידן און ווייניק דערציילן פון איר פּריוואַט לעבן. מיינע עלטערן האָבן זיך קיין מאָל נישט געקריגט. מיין פאָטער, אַז ער פלעגט ,,אַרויס פון די כלים'', פלעגט ער יאָ שרייען, אָבער אַפילו דאַן האָב איך קיין מאָל ניט געהערט קיין גראָב וואָרט. און מיין מוטער פלעגט דאַן שווייגן און זיך ניט באַוועגן; אָבער נאָך אַזעלכע אָנפאַלן פלעגן זיי אין שלאָפצימער, הינטער פאַרמאַכטע טירן, לאַנג און שטיל רעדן, און מיין מוטער פלעגט דאַן אַרויסקומען מיט רויטע, פאַרוויינטע אויגן. דאָס פלעגט פּאַסירן זעלטן. איבערהויפּט, אָבער, איז דאָס צוזאַמענלעבן ביי זיי געווען אַזאַ, אַז די גאַנצע שטאָט פלעגט אויף זיי אָנווייזן ווי אַ ביישפּיל: ,,זעט ווי די הערשאַפט גראָבער לעבן''... די עלטערן מיינע האָבן זיך ליב געהאַט אַזוי ריין, אַזוי שיין! איך האָב תמיד געפילט, אַז די ליבע צווישן זייביידן איז געווען שטאַרקער ווי צו די קינדער. דער־פאַר אָבער, ווען עס פלעגט עפּעס פּאַסירן אַזוינס, וואָס האָט געדראָאט מיט געפאַר,

דאָן בין איך געווען אין זיבעטן הימל! ווייל דאָן האָט מען ממש נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט מיר.

אין מיינע קינדעריאָרן איז געווען די „געפּאר" פון די „פּאראייניקטע". דאָס זענען געווען די רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן געשאָסן אויף די באַלעבאַטים פאַר זייער „עקספּלואַטאַציע". די, וועלכע האָבן אונטערגעלייגט אַ באָמבע ביים „קייסערס טויער" איידער דער גובערנאַטאָר האָט באַדאַרפט דורכפאָרן. ביי אונדז האָט מען „געדאַנקט גאָט", וואָס די באָמבע האָט אויפגעריסן שוין נאָך דעם ווי דער גובערנאַטאָר איז דורכגעפאָרן, ווייל „גאָט ווייסט צו וואָס עס וואָלט געקומען, ווען ער ווערט דערהרגעט"...

דאָס אַלץ זענען פאַר מיר געווען אָפּקלאַנגען פון אַ ווייטער וועלט — אַזש פון ליפּאָווע און ניקאָלאַיעווסקע גאַסן! — דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען און מיט מיינע אייגענע אויערן געהערט די „פּאראייניקטע", איז געווען אין אַ זומער, ווען מיר האָבן געוווינט אויף דאַטשע אין סלאָבאָדע. דאָס איז געווען אין אַ שבת נאָך מיטיק, אין אַ הייסן טאָג. מיר, קינדער, האָבן זיך פאַרקליבן טיף אין וואַלד צו קלייבן יאַגדעס. פּלוצלינג האָבן מיר דערזען, ווי פון אַלע זייטן הויבן אָן אָנצוקומען קופּקעלעך יונגע מענטשן. מענער אין שווארצע רובאַשקעס און מיידלעך אין לאַנגע, שווארצע קליידלעך. זיי האָבן גערעדט שטיל און היציק און זיי האָבן זיך ארומגעשטעלט ארום אַ הויכן, געזונטן בוים, און איך האָב פּלוצלינג דערזען אויפן בוים אַ מאַן מיט לאַנגע האָר, אין פּענסנע, און איך האָב דערהערט זיין שטאַרקע שטימע... מיר זענען געלאָפן אַהיים אין איין שרעק. און אויפן באַלקאָן פון אונדזער דאַטשע האָט מען אונדז שוין אויסגעקוקט. מען האָט אונדז אריינגענומען אין צימער און פאַרמאַכט אַלע טירן און פענצטער.

מען האָט גערעדט דאַן וועגן דעם, אַז אויב די פּאָליציי וועט זיך דערוויסן, וועט דאָ ווערן „די אמתע חתונה"... פון קינדוויז אויף האָט מען אין אונדז קינדער איינגעוואָרצלט די מורא פאַר רעוואָלוציאָנערן און פאַר רעוואָלוציע.

* * *

אין דער שולע ביי געווירצן, און אויך שפּעטער ווען איך בין שוין געווען אין גימנאַזיע, האָב איך שטענדיק געהאַט אַ העברעישן לערער אין שטוב. מיין לעצטער העברעישער לערער איז געווען בערך. ער איז געווען אַ באַרימטער לערער. אַ מאָדערנער ייד, אַן אינטעליגענט. אָבער מיט זיין גאַנג האָט ער מיר שטענדיק דערמאָנט אין דעם ישיבה-בחור וואָס פּלעגט עסן ביי אונדז טעג. ער פּלעגט לערנען מיט מיר

עברית-ברוסית. פּאַרוואָס רוסיש, האָב איך קיין מאָל נישט פאַרשטאַנען. ער האָט גראָד געערדט מיט אַ ישרעקלעכן אַקצענט און מען פלעגט זיך אָפּט דאַרפן שטאַרק איינהאַלטן נישט צו לאַכן. מיט יאָרן שפּעטער פלעג איך אָפּט טראַכטן: פאַרוואָס האָט ער מיך נישט באַקאַנט מיט אונדזערע העברעישע אָדער יידישע שרייבער? פאַרוואָס האָט אים געצויגן צו רוסישע קלאַסיקער? פאַרוואָס גראָד איבערזעצן פּוש-קינען? דעם סוד בין איך ערשט שפּעטער דערגאַנגען, ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט איינער פון זיינע טעכטער. זיין יינגסטע טאָכטער פירא האָט מיר דערציילט, אַז דער פאָטער אירער איז געווען אַ ישיבה-בחור, אַז ס'איז אים דערעסן געוואָרן די קלויז, אַז ס'איז אים ענג געוואָרן אין די אָפּגעשלאָסענע פיר ווענט פון בית-המדרש... פון דער ווייטער וועלט האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון נייע שיטות, פון פרייען גלויבן, פון אַ ליטעראַטור חוץ מן-התורה... האָט ער זיך אַרויסגעריסן פונעם קליי-נעם שטעטל, אַריין קיין ביאַליסטאָק, אַראָפּגעוואָרפן די קאַפּאָטע און זיך גענומען לערנען רוסיש. ער האָט זיך טאַקע אויסגעלערנט אַ סך, אָבער רעדן קיין מאָל נישט. און די „אוראָקן" עברית-ברוסית זענען געווען צונויפגעשטעלט אויף „פּיפּטי-פּיפּ-טי" — העברעיש פאַר מיר און רוסיש פאַר זיין אייגן פאַרגעניגן. דאָך פיל איך צו בערכן אַ טיפע דאַנקבאַרקייט. ער האָט מיך צוגעגרייט צום העברעיש, וועלכן איך האָב עטלעכע יאָר שפּעטער מיט אַזאַ לייכטקייט אויפגענומען אין דער הבימה.



חיהלע גראָבער אַלס גימנאַזיסטקע.

קאַפּיטל 5

# מיין מומע טייבעלע — אונדזערע שכנים

ין אונדזער אייגענעם מויער זענען געווען פינף דירות פּאַרדונגענע. אויפן דריטן שטאָק האָט געוווינט אין איין דירה מיין מומע מיט די צוויי יינגלעך. דאָס מיידעלע גיטעלע האָט זיך כּמעט פון איר געבוירנטאָג אָן אָנגעהויבן צו דערציען אין אונדזער היים. איך דערמאָן דאָ ניט מיין פעטער זיידל, ווייל ער פלעגט זיין אין דער היים בלויז צו־גאַסט, — אָדער פאַרן אוועקפאָרן קיין אַמע־ריקע, אָדער באַלד נאָכן אָנקומען פון דאָרט.

אָט די מומע מיינע — טייבעלע, קומט פון וואַשליקאָווע. דאָס קליינע שטע־טעלע ליגט זיבן וויאָרסט הינטער ביאַליסטאָק. פאָרן אַהין פלעגט מען מיט פערד־און־וואָגן, און דער פּרייז פאַר דער רייזע האָט זיך געווענדט אין דעם, צי מען פאָרט מיט די פיס, אָדער אָן די פיס... דאָס הייסט, מיט די פיס אין וואָגן האָט געקאָסט פינף קאָפּיקעס, און מיט די פיס אַראָפּגעהאָנגען — דריי קאָפּיקעס.

איך רעד אַזויפיל וועגן דער מומען מיינער, איז כּדאַי צו דערציילן ווי אַזוי זי איז אַריין אין אונדזער משפּחה.

דער פעטער זיידל מיינער איז געווען אַ „לעבע־יונג“, און מיין באָבע האָט געגלייבט, אַז ווען ער וועט חתונה־האָבן, וועט ער ווערן „סטאַטעטשנע“; האָט

מען אים אָנגעהויבן רעדן שידוכים. איינמאָל הער איך, ווי מיין באָבע קלייבט זיך קיין וואַשליקאָווע אָנקוקן אַ כלה פאַר מיין פעטער. די באָבע איז אוועקגע־פאָרן, אַלע אין שטוב האָבן שוין געוואַרט מיט אומגעדולד, די באָבע זאָל צור־ריקקומען און דערציילן עפּעס וועגן דעם. זי האָט זיך ניט לאַנג געזאַמט, און ווען זי איז געקומען אַהיים האָט זי דערציילט אַט־וואָס:

— ...איך שטיי אַזוי ביי הערצקע קצב און וואַרט אויף דעם שדכן מיט דעם מיידל, עפּנט זיך די טיר און ס'קומט אַריין אַ שיין מיידל און בעט אַ שטיקל פלאַנקען און אַ קנאָכן־ביין. און איך ווייס ניט פאַרוואָס עס האָט מיך אַ צי געטאָן צו איר. ווען זי איז אַרויס, פרעג איך דעם קצב: — דאָס איז אַ מיידל? זאָגט ער מיר: — נאָך וואָס פאַר אַ מיידל. זי שטאַמט פון גרויסן יחוס — דער זיידע איז געווען רב אין שטעטל, דער טאַטע איז געווען ראש־הקהל... זאָג איך צו אים: — אַט דאָס מיידל וויל איך נאָכאַמאָל זען.

מיין מוטער האָט גלייך באַשטימט אַן אויפנאַמע פאַר דער כלה. ביז אויף היינטיקן טאָג דערמאָנט נאָך מיין מומע, ווי אַזוי זי איז אַריין צו אונדז, און ווי איך האָב זיך צוגעטוליעט צו איר. איך געדענק ווי מיין מוטער איז אַריין מיט איר אין קאַנטאָרקע, און האָט איר געזאָגט, אַז זי זאָל וויסן, אַז: „מיין ברודער איז אַ גוטער, אַן ערלעכער, אָבער אַ „לעבע־יונג". טייבעלע האָט אויף דעם געענטפערט: „איך האָב חתונה מיט אייך"... און מיין מוטער האָט טאַקע איר גאַנץ לעבן געטראָגן די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר איר. די מומע מיינע איז געוואָרן דער נאָענטסטער מענטש אין אונדזער משפּחה; נישט געווען קיין זאַך וואָס מיין מאַמע האָט איר ניט פאַרטרויט, און נאָך מיין באָבעס טויט, האָט זי ממש פאַרנומען איר אָרט. מיך האָט זי פּשוט אָפּגעראַטעוועט פון טויט:

קורץ פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָב איך אין איי־נעם אַ ווינטער־פרימאָרגן, אַנטוענדיק זיך צו גיין אין גימנאַזיע, אַ הוסט געטאָן. מיין מוטער האָט מיך גלייך צוגערופן צו איר בעט און געזאָגט: „דו טוסט זיך שוין אויס און לייגסט זיך אין בעט אַריין". איך האָב ניט פאַרשטאַנען פאַר־וואָס, ווייל איך האָב גאָרניט געפילט קיין ווייטיק. אָבער פון יענעם פרימאָרגן אָן בין איך אָפּגעלעגן זעקס וואָכן און איך בין, דאָס איינציקע מאָל אין מיין לעבן, געווען „פאַרביי".

מען איז געזעסן ביי מיין בעט טעג און נעכט. חוץ משפּחה, פלעגט יעדן אָוונט קומען אַ ליניסטקע פון לינת־הצדק. איינמאָל, אינמיטן טאָג, האָב איך צוגערופן מיין מוטער און געזאָגט: „מאַמע, שרעק זיך ניט, אָבער איך פיל, אַז





בעטי מעיער



ח. ג. און איר ברודער עלינקע
מיט זיין פרוי רחלע אין תל־אביב.



געניטשקאַ און חיהלע.

איך חלש..." מיין מוטער האָט ביטער געוויינט, מען איז געלאָפן נאָך אונ־דזער היימישן דאָקטער פּלאַטאַו. אויף מאָרגן, אין אַ פּראָסטיקן פּאַרטאָג, איז מיין מומע טייבעלע אַוועקגעלאָפן אויפן בית־עלמין „רייסן קברים". זי איז צו־ריקגעקומען און האָט אַ לייג געטאָן אונטער מיין קישן אַביסל גראָז פון דער באָבעס קבר. די זעלביקע נאַכט איז געווען דער קריזיס און אויף מאָרגן האָב



מיין מומע טייבעלע,
פעטער זיידל מיט
די קינדער.

איך זיך אָנגעהויבן צו בעסערן. אָבער קריזיס־שמיזיס, מיין מומע טייבעלע האָט מיך געראַטעוועט פון טויט...

נאָך דעם איז מיין בעסטע חברטע רחל בירגער געשלאָפן אין מיין ברודערס בעט, אַנטקעגן מיר; זי איז פיר וואָכן געשלאָפן דאָרט אַ גאַנצע נאַכט מיט איר האַנט אויסגעשטרעקט, איך זאָל זי קענען אָננעמען אין פאַל איך דאַרף עפּעס. איך האָב זיך געבעסערט לאַנגזאַם און כ'האָב זיך עפּעס אַזוי „געפּיעשטשעט", ווייל אַלע האָבן מיך באַהאַנדלט ווי אַ ציטעריק קינד. איך געדענק, אַז דעב

ערשטן טאָג וואָס מען האָט דערלויבט מיינע חברים און חברטעס צו קומען מיך זען, האָב איך געבעטן מיין מאַמע אַלע אירע פינגערלעך, — כ׳האָב זיי אָנגעטאָן אויף אַלע מיינע פינגער און כ׳בין געלעגן אַן אויסגעפּוצטע.

דעם ערשטן טאָג וואָס דער דאָקטער האָט דערלויבט אַרויסצופירן מיך אין גאַס, האָט מען אָנגעקאָכט קעסלען מיט בוליאָן און קאָמפּאָט; מען האָט געדונגען אַ דראָזשקע, און רחלע לעוו, מיין מומע טייבעלע מיט מיר, זענען אַוועקגעפאָרן אין מושב זקנים. זיי האָבן געטיילט די פּאָרציעס און איך האָב עס צעטראָגן די אַלטיטשקע. — זאָלן זיי אַלע האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן פאַר די אַלע ברכות וואָס זיי האָבן מיר אָנגעוווּנטשן... נאָך דעם האָט מען געמאַכט אין הויז אַ גרויסן באַל. קרובים און פריינט זענען געקומען און געגאַנגען אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצן אָוונט. די בלומען האָבן פאַרשמעקט דאָס הויז! משהקע צוקראָוויטש, משהקע ביאַלאָסטאָצקי, רחל בירגער, איסאַק גאָלדבערג — זענען פאַרבליבן ביז שפּעט אין דער נאַכט. — דאָס איז געווען דער לעצטער, גרויסער יום־טוב מיינער אין ביאַליסטאָק.

וועגן גיין ווייטער אין גימנאַזיע נאָך אַזאַ קראַנקהייט, איז קיין רייד ניט געווען. אַנשטאָט דעם, האָבן מיינע עלטערן מיך אַוועקגעפירט קיין אָטוואָצק. זיי זענען מיט מיר פאַרבליבן צוויי טעג און זענען געפאָרן צוריק אַהיים, איבערלאָזנדיק מיך ביי גורעוויטשן אין פּענסיאָנאַט. צום ערשטן מאָל בין איך געבליבן איינע אַליין. ס׳איז געקומען דער ערשטער פּרייטיק־צו־נאַכטס, איך בין אַראָפּ צום טיש און האָב פּלוצלינג דערפילט אַזאַ שרעקלעכע איינזאַמקייט! כ׳האָב דערזען אונדזער עסצימער אַ באַלויכטנס, אונדזער טיש אַ געדעקטן; כ׳האָב דערזען ווי עס ברענען און טונקען זיך די ליכט אין די זילבערנע לייכטער; כ׳האָב דערהערט דעם טאַטנס קידוש... ס׳האָט מיך אַזוי פאַרקלעמט ביים האַרץ, אַז כ׳בין אַרויפגעלאָפן צו זיך אין צימער און האָב זיך שטאַרק צעוויינט... כ׳בין דאָך שוין געווען אַ דערוואַקסן מיידל, און דאָך אַזוי קינדיש. הער גורעוויטש אַליין און אַלע געסט האָבן זיך פאַרנומען מיט מיר. כ׳האָב אפילו אַרויסגעפירט פון דאָרט אַ „ראָמאַן" מיט שייקען. איך האָב געזונגען פאַר די געסט רוסישע ראָמאַנסן. — נאָך פּורים בין איך געפאָרן צוריק אַהיים. עס וועט קלינגען ווי אַ מעשה, ווייל מיר דוכט זיך, אַז ס׳איז געווען בלויז אַ חלום, אָבער געסט פון גורעוויטשעס פּענסיאָנאַט און די קלעזמאָרים זענען געגאַנגען מיט מיר צו דער באַן זינגענדיק, און ווען דער צוג האָט זיך גערירט, האָבן די קלעזמאָרים אָנגעהויבן שפּילן. — ווער האָט געקענט טראַכטן, אַז דאָס וועט זיין דער אָנהייב פונעם סוף פון דער זאָרגלאָזער, פרידלעכער וועלט!

* * *

אין שכנות מיט מיין מומען האָט געוווינט טויבע־גיטל מיט אירע צוויי טעכטער און אַ פּלימעניצע. אַלע דריי שוין איבערדערוואַקסענע... אַלע דריי שוין אין שידוכים; אָבער טויבע־גיטל אַליין איז אויך געווען אַן אַלמנה „צום האָבן״... איין טאָכטער ליפּשע איז געווען אַ פּיצעלע, אַ דראָבּ־בינקע, אַ ניט־אַנטוויקלטע פּיזיש און אויך ניט גייסטיק. די צווייטע טאָכטער חיהקע איז שוין געווען העכער, שענער און פולער. די פּלימעניצע ליבקע, אָבער, איז שוין געווען גאָר אַ גרויסע, אַ דיקע, אַ צעגאָסענע. זי איז געווען די „בעסטע סחורה״, ווייל מענער אין יענע יאָרן האָבן ליב געהאַט אַ פרוי „ס׳זאָל זיין אויף וועמען אַ קוק צו טאָן״. ביי אונדז האָט מען געזאָגט, אַז די מאָדע פאַר פעטע פרויען ציט זיך נאָך פון יעקאַטערינע דער גרויסער. אָבער גרויסע, פעטע פרויען זענען על־פּי טבע פויל. איז מען טאַקע ביי טויבע־גיטלען געזעסן טאָג־איין טאָג־אויס און זיך געשאָקלט אויף די בענקלעך. ווי געזאָגט, זענען אַלע אין דער משפּחה געשטאַנען אין שידוכים. אַז אַ חתן פלעגט באַדאַרפן קומען אָנקוקן איינע פון די מיידלעך, פלעגן די אַנדערע צוויי אַוועקגיין פון הויז חוץ טויבע גיטלען, וואָס האָט באַדאַרפט אויפנעמען דעם גאַסט. אָפטער פון אַלע פלעגט מען „אָנקוקן״ ליבקען. איך ווייס ניט, צי איז עס געווען, ווייל זי איז געווען די עלטסטע, צי דער־פאַר ווייל זי איז געווען אַזוי „פּרעדסטאַוויטעלנע״... די פּראָצעדור פון דעם „אָנ־קוקן״ פלעגט גיין אַזוי: די אַנדערע צוויי מיידלעך פלעגן אַריינגיין צו מיין מומען און זיצן דאָרט ביז דער חתן פלעגט אַוועקגיין. ליבקע פלעגט זיך אָנטאָן גאָר יום־טובדיק און פלעגט אַראָפּגיין צו אונדז. ליבקע איז דאַן געווען פאַרשטייפט אין אַ הויכן קאָרסעט וואָס פלעגט אירע אַראָפּגעהאָנגענע בריסטן אויפהייבן ביז צו דעם גוידער. דאָס קלייד האָט געהאַט אַ סך ריושקעס וואָס האָבן נאָך העכער גע־מאַכט איר ברוסט און נאָך קירצער געמאַכט איר האַלדז. אויף דעם אַלעם האָט זי געטראָגן אַ בוא פון קלייניטשקע פעדערלעך. אויפן קאָפּ האָט זי געהאַט אַ גרויסן הוט און פון הינטן אויפן הוט איז געזעסן אַ גרויסער פויגל מיט צעשפּרייטע פליגל. דער פויגל האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער האָט פליענדיק בלויז זיך אַ זעץ געטאָן עפּעס צו מאַכן און אָט פליט ער גלייך ווידער אַוועק... אויף די הענט האָט ליבקע געטראָגן מיטינקעס — הענטשקעלעך אָן פינגער, און אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ שטעקעלע אין אַ שיידל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שירעמל.

ליבקע פלעגט אַוועקגיין פון הויז צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, זאָל דער חתן זען ווי גלייכגילטיק זי איז צום גאַנצן ענין, — אַ סימן האָט איר, זי האָט אפילו

ניט געוואָרט אויף אים; צווייטנס, זאָל דער חתן זען די כלה אין איר פולן פּראַכט. אַז דער חתן פלעגט קומען, פלעגט זיך טויבע־גיטל שטאַרק אַנטשולדיקן פאַר דער פאַרשפּעטיקטער כלה און מיין מומע טייבעלע פלעגט אַ פּאַרסאָפּעטע אַרונטער־לויפן אָנזאָגן, אַז „ער איז שוין דאָ" און דערווייל שוין געבן דעם ערשטן באַ־ריכט... דאַן פלעגט ליבקע אַרויסגיין אין גאַס, זיך אַדורכדרייען אין די ליפּאָווע געסלעך און אַ פרישע פון דער לופט אַרויפגיין זיך פּאַרשטעלן. דאָ פלעגט טויבע־גיטל „מוזן זייער נויטיק" אַוועקגיין, און די חתן־כלה פלעגן בלייבן אַליין ביים געדעקטן טיש. די טיי פלעגט די כלה אַליין געשיקט צעגיסן אין די גלעזער און באַווייזן מיט דעם, וואָס פאַר אַ בריה זי איז. קיין נדן האָט טויבע־גיטל ניט גע־האַט פאַר קיינעם. זי האָט געהאַט יחוס! זי האָט געשטאַמט פון אַ גאַנצער קייט רבנים, און צו דעם איז זי געווען אַ שוועסטער פון די נימצאָוויטש! די נימ־צאָוויטשעס זענען געווען זייער רייך און די שוועסטער, די נימצאָוויטשיכע, האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. זי פלעגט פאָרן קיין אויסלאַנד אַלע יאָר און פון דאָרט פלעגט זי ברענגען די רייכסטע, שענסטע קליידער. איין מאָל האָט זי אַראָפּגע־בראַכט אַ פּליושענעם קאָסטיום, וואָס איז געווען באַהאָנגען מיט גלעקלעך. „זאָל די גאַס וויסן, אַז נימצאָוויטשיכע גייט!". פון דאַן אָן האָט מען זי גערופן „די נימצאָוויטשיכע מיט די גלעקלעך".

אויפן צווייטן שטאָק האָט געוווינט ישעיה „לופּע" (ווייל ער האָט געהאַט אַ צעשפּאָלטענע ליפּ) מיט דער טאָכטער שרהקע די „קראַסאַוויצע". שרהקע איז גראָד געווען אָן אַלטע, מיאוסע מויד, אַ גרויסע „קאָקעטקע"! ווען ביי אונדז אין הויף האָט זיך פּסח צום ערשטן סדר צעפלאַקערט דאָס הילצערנע שטיבל, איז שרהקע אַרונטערגעלאָפן אויפן גאַס אין דעם נאַכט־העמד מיטן קאָרסעט אונטערן אָרעם... פון דאַן אָן האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן „די קראַסאַוויצע".

אין דער צווייטער דירה האָט געוווינט אָגושעוויטש דער לערער. אָגושעוויטש איז געווען אַ לערער אין רוסיש — ער פלעגט צוגרייטן שילער צו העכערע קלאַסן. ער האָט געליטן אויף די לונגען און פלעגט אָפט ליגן אין בעט. דאַן פלעגט מען אים דער־לאַנגען ביר מיט געלעכלעך און סמעטענע. פון דעם געטראַנק פלעגט ער וווייכער הוסטן. אַ שפּיי טאָן פלעגט ער מאָדנע קונציק: ליגנדיק פלעגט ער טאָן אַ שפּיי אויף אַרויף און אַהינטער זיך, אַזוי ווי מען טוט אַ שרייב אַ „ר". די פרוי זיינע איז געווען אַ טאָכטער פון אַ באַוווסטן וואַסערטרעגער, אָבער זי פלעגט שטענ־דיק גיין מיט אַ פּאַריסענער נאָז. מיר איז דאָס זייער ניט געפעלן געווען און איך האָב איר אַ נאָמען געגעבן מאַדאַם טרו־ליו־ליו. דאָס האָב איך אויסגעלערנט אַלע קינדער פון הויף און אַז זי פלעגט אַדורכגיין, פלעגן אַלע ווי אין כאָר אַ געשריי

טאָן: „מאַדאַם טרו־ליו־ליו״. זי פלעגט לויפן צו דער באָבען מיט גוואַלדן און מיין באָבע פלעגט אָנהייבן: „איך וועל איר שוין געבן, אַוווּ איז זי נאָר?״, אָבער אַז איך פלעג קומען, פלעגט זי זיך מאַכן מיך שלאָגנדיק און אירע אויגן האָבן געשמייכלט.

אונטן אַנטקעגן אונדזער דירה האָט געוווינט די „פּראַטשקאַרניצע״. דאָ פלעגט מען ביז שפּעט אין דער נאַכט וואַשן וועש און פון גאַנץ פרי פאַרטאָג פרעסן די וועש. די „פּראַטשקאַרניצע״ איז געווען אַן אַלמנה מיט אַ שטוב מיט מיידלעך; אַ בחור איז שוין געווען אין אַמעריקע. חוץ דער אַרבעט אין „פּראַטשקאַרניע״ איז זי אויך געווען אַ פּאַפּיראָסן־מאַכערקע. עטלעכע מאָל דורכן ווינטער פלעגט זי אָפּזיצן ביי אונדזער גרויסן טיש אין עסצימער ביז שפּעט אין דער נאַכט שטאָפּנדיק די גילזן. זי האָט געאַרבעט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט. אָבער פון די ביידע פּרנסות איז אין שטוב ביי איר זייער אָפט קיין ברויט ניט געווען. געקעכטס פלעגן זיי עסן, נאָר ווען מען האָט דאָס זיי פון אונדז אַריינגעטראָגן.

ביי אונדז אין דער היים פלעגט מען ניט „איבערכאַפּן״, ווי ס׳האָט זיך געפירט אין אַ סך יידישע היימען. ביי אונדז איז געווען אַ באַשטימטע צייט צו עסן און אַ באַשטימטער מעניו אויף יעדן טאָג און פאַר יעדן מאָלצייט. למשל: זונטיק איז געווען אַ לייכט מיטיק, ווייל שבת איז געווען אַ פעט טשאָלנט, זיסער קוגל, געפילטע פיש און צימעס, — פלעגט מען זונטיק עסן אָפט לאָקשן מיט קאַרטאָפל געקאָכט אין מילך מיט פּוטער און אַ שטיקל מילכיקע פיש; מאָנטיק פלעגט מען קאָכן אַ האָבערנע גריץ מיט פלאַנקען; דינסטיק איז שוין געווען אַ געבראָטנס מיט אַ קלאָפּס, געפילט מיט האַרטע אייער און שוואַרצע קאַשע דערצו; מיטוואָך איז געווען דער נאַציאָנאַלער גערעכט — לינדזן מיט קליוצקעלעך — קיילעכדיקע קאַרטאָפלנע האַלקעלעך; דאָנערשטיק איז ווידער געווען אַ לייכט מיטיק, ווייל פרייטיק האָט מען אָנגעקאָכט פישן און פליישן און הינער און גענדז און כל־מיני מאכלים.

מיט אונדזערע שכנים האָבן מיר געלעבט גוט, פריינטלעך און ס׳איז עפּעס געווען אַזוי ווי אַ קרובהשאַפט. דאָס איז געווען מיט די שכנים פון אונדזער הויף; עס זענען אָבער אויך געווען שכנים פון אונדזער גאַס, — און פון זיי געדענק איך אַמבעסטן די סערעבראָוויטשעס און די צימשטיינס.



אויף דער דאַטשע אין גאָראָדניאַני

פון רעכטס: ח. גראָבער, ג. טשערטשעווסקי, רחל בירגער, ר. דאַווידאָווסקי, גניעטשקע, באָבל גראָבער (די מוטער פון דער אויטאָרין).

## קאַפּיטל 6

# פריינט פון די קינדער־יאָרן

### די סערעבראָוויטשעס און די צימשטיינס



י סערעבראָוויטשעס האָבן געהאַט גרויסע הייזער, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון פּאָפּאָוושטשיזנע ביז אַהינטער צו דעם ערשטן ליפּאָווע געסל. אויפן גרויסן הויף זענען שטענדיק אַרומגעגאַנגען קאָזעס. דער אַלטער זיידע פלעגט מעלקן די קאָזעס פאַר דער קראַנקער שנור, דער פרוי סערעבראָוויטש און די דריי גימנאַזיסטקעס וואָס האָבן זיך געלערנט אויף מעדאַלן. די באָבע, די צנועה, האָט געפירט די באַלעבאַטישקייט. ס'הייסט, דער זיידע האָט געזאָרגט פאַרן געזונט און די באָבע האָט געזאָרגט פאַר כשרות... פון אָנפאַנג האָבן די קינדער ניט געטאָרט גיין שבת אין גימנאַזיע, ניט געטאָרט לייענען שבת אַ רוסיש ביכל... אָבער מיט דער צייט האָט זיך דאָס הויז „רעפאָרמירט". אינעווייניק אין הויז איז שטענדיק געווען שמוציק, די בעטן ניט פאַרבעט; קליידלעך, זאָקן און אַנדערע קלייניקייטן זענען געווען צעוואָרפן איבערן שטוב, און אויף דער לאַנגער גרויסער פּיאַנע האָט מען געשיילט קאַרטאָפל... דער טאַטע האָט ניט גערעדט מיט דער מאַמען, די קינדער האָבן ניט גערעדט מיטן טאַטן, די באָבע האָט זיך געקריגט מיטן זיידן און די דינסט איז געווען די באַלעבאָסטע.

די צימשטיינס הייזער האָבן זיך געצויגן אויףביידע נאָוואָליפּיע געסלעך. דאָס איז געווען דאָס אמתע נגידישע הויז. דער קאָפּ אין דער משפּחה איז געווען די מאַמע — אַ פרוי אַ נידעריקע, אַ צאַרטע, אַ שוואַרץ-חנוודיקע, אַ פלינקע און אַ טרויעריקע. זיי האָבן געהאַנדלט מיט ציגל, מיט קאַכלעס און, שפּעטערדיקע יאָרן — מיט שמאַטעס. אַלע געשעפטן האָט געפירט דאָס קליינינקע ווייבעלע; דער טאַטע האָט זיך עפּעס אויך געטומלט, אָבער קיינער האָט עס ניט גענומען ערנסט. דאָס גאַנצע הויז מיט זין און טעכטער האָבן געפירט דינסטן. זיי פלעגן אָנקומען צו די צימשטיינס יונגע מיידלעך און אָפּדינען אַזוי לאַנג, ביז מען האָט זיי חתונה געמאַכט. און די מאַמע צימשטיין פלעגט אַ דינסט חתונה מאַכן מיט נדן, אויסשטייער און קלעזמער...

מיינע ערשטע איינדרוקן פון דעם הויז זענען פון די פרייטיקדיקע פאַרנאַכטן, ווען מיין באָבע פלעגט מיך שיקן צונויפזאַמלען די פיש און די יויך פאַר אַלטע, קראַנקע, אָדער גלאַט שטאַלצע, נאָר אָרעמע... דורך אַ טונקעלן קאָרידאָר פלעג איך עפענען די קיך-טיר און אַ וואַנט פון מעש און קופּער פלעגט אַ בלענדן מיינע אויגן. מעש און קופּער אין פאַרשידענע פאָרמען: אַ קרוג, אַ טאַץ, אַ שיסל, אַ מעדניצע, אַ פאַן, אַ פאַטעלניע און אויף דער פּאָליצע אַ שטייסל מיט אַ מערזשל, אַ טשייניק, אַ פּאָר לייכטער, פּיטשינקע לייכטערלעך, — און דאָס אַלץ האָט געבלישטשעט ווי די זון. אונטער דער וואַנט איז געשטאַנען אַ ווייסע קאַכלנע פּליטע, אויף וועלכער עס האָבן זיך געקאָכט קעסלען מיט פיש, יויך, צימעס, — פאַר דער אייגענער גרויסער משפּחה און פאַר אָרעמעלייט. די קעכין פלעגט אויסטיילן די פּאָרציעס אויף צו צעטראָגן איבער די הייזער און די מאַמע צימשטיין פלעגט שטענדיק מיט די זעלביקע שנעלע באַוועגונגען צוגיסן נאָך אַ ביסעלע און צולייגן נאָך אַ שטיקעלע... און איך פלעג זאַמלען די ברכות און האָב זיך שטענדיק געגרויסט מיט די שליחותן.

די יינגסטע פון די זין און טעכטער איז געווען רחל. רחל צימשטיין איז געוואָרן מיין ערשטע חברטע. מיט איר זענען מיר געוואַקסן, זיך געשפּילט, זיך געלערנט. רחל איז געווען אַ קליינינקע אין וווקס, אַ שיינינקע אין אויסזען, אַ פּיינינקע אין באַוועגונגען און זייער אַ גוטע אין נאַטור. זאָרגפול איז זי געווען ווי איר מוטער; שטענדיק געזאָרגט עפּעס פאַר שפּעטער, פאַר מאָרגן, פאַר ווער ווייסט וואָס... ווען די געשעפטן ביי די צימשטיינס זענען אַראָפּ, איז נאָך רחל געווען זייער אַ יונג מיידל און האָט זיך נאָך מיט אונדז געלערנט אין דער פּריוואַטער גימנאַזיע. אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט זי אויפגעהערט צו קומען אין דער שולע און

איז געוואָרן אַ כלה פֿאַר לייזער זבאָרן; זיך דערשראָקן צו בלייבן אַן אָרעמע אַלטע מויד... דאָס גאַנצע לעבן האָט אַ שרעק זי פֿאַרפֿאָלגט. עפּעס האָט אין איר געלעבט אַן אייביקע מורא. זי האָט תמיד געזוכט, בלינד געזוכט עפּעס צו פֿאַר־היטן, — וואָס? דאָס האָט זי קיינמאָל ניט געוווּסט. דעם גרעסטן טייל פֿון מיין לעבן האָב איך פֿאַרבראַכט מיט רחלען. אונדזער פֿריינטשאַפֿט האָבן די געשעע־נישן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה ניט איבערגעריסן.

## די לעװינסאָנס

מיינע פֿריינט אויף דער צווייטער זייט כּאַנאַיִקעס זענען געווען די לעווינ־סאָנס. זייער וווינונג שטיבעלע איז געשטאַנען אויפֿן ראָג קראַטשאַקס געסל. דער אַריינגאַנג פֿון כּאַנאַיִקעס האָט אַריינגעפֿירט אין אַ קלייניקן באַקאַליי־קרעמל און דער צווייטער אַריינגאַנג פֿון געסל האָט אַריינגעפֿירט אין הויז, ריכטיקער געזאָגט, אין אַ צימער, וואָס האָט געדינט פֿאַר אַן עסצימער, אַ גאַסט־צימער מיט אַ קיך־אויוון אין ווינקל. באַלד לעבן דעם אַריינגאַנג איז אין וואַנט געווען אַ רער וואָס פֿלעגט באַזאָרגן אַלע אָרומיקע מיט וואַסער. מען פֿלעגט דורכן קליינעם פֿענצטערל דערלאַנגען דעם גראָשן, אָדער די קאָפּיקע (פֿאַר צוויי עמער וואַסער), און אינע־ווייניק אין הויז פֿלעגט מען אויפֿדרייען דעם קראַן. דאָס איז געווען די צווייטע פּרנסה פֿון די לעווינסאָנס. דאָס „געשעפֿט" האָבן באַדינט די צוויי טעכטער. זיי פֿלעגן עס פֿאַרבינדן מיטן לערנען — אַ לייען און אַ דריי דעם קראַן; אַ שרייב און ווידער אַ דריי דעם קראַן... קרעמער אַרום פֿלעגן מקנא זיין דאָס „געשעפֿט" פֿון די לעווינסאָנס, אָבער בלויז אין די זומערן. אין די ווינטערן פֿלעגט מען זיי באַדויערן. ווייל אין די ווינטערן פֿלעגט די רער פֿרירן און די קינדער פֿלעגן מוזן לייגן הייסע קאָמפּרעסן און אָפּהיטן די רער זאָל נישט פּלאַצן. די ביידע גע־שעפֿטן האָט געפֿירט די פֿרוי לעווינסאָן. דער הער לעווינסאָן איז געווען אַ העָ־ברעישער לערער. איך וויים ניט וויפֿל קינדער ס'זענען דאָרט געווען, אָבער איך געדענק די פֿרוי לעווינסאָן אַ שוואַנגערע און איין קינד ביים ברוסט, אַ צווייטס — קריכנדיק איבערן צימער, און צוויי מיידלעך — איינע אין גימנאַזיע און די צווייטע אין קאָמערץ־שולע. ווי אַזוי די פֿרוי האָט באַזאָרגט דאָס הויז און דאָס געשעפֿט — איז שווער צו פֿאַרשטיין. אָבער איך געדענק זי תמיד מיט אַ שיינעם שטאָלצן קאָפּ, מיט אַ הויט פֿון העלפֿאַנט־ביין און מיט אַ לייכטן שמייכל אויף אירע ליפּן; איך מיין, אַז די צופֿרידנקייט און דער שטאָלץ איז געקומען אַ דאַנק די צוויי טעכטער, וועלכע האָבן אין זייערע אוניפֿאָרמס אויסגעזען בעסער פֿון יעדעם מיידל פֿון די

רייבע הײמען און װעלכע זענען געװען די בעסטע שילערינס אין זײערע שולעס. די גאַנצע שװערע אַרבעט און די גאַנצע זאָרג פון דער פרוי איז געװען בכדי צו זען אירע קינדער געבילדעט און גוט דערצױגן, און אין דעם האָט פרוי לעװינסאָן געהאַט גרױס דערפאָלג.

* * *

מײן געבורטשטאָט ביאַליסטאָק האָט אַרױסגעגעבן אַ סך באַרימטע מענטשן, און נאָך מער אַזעלכע װעלכע האָבן ניט דערגרײכט צו דער גרױסער װעלט, אָבער װעלכע זענען װערט פאַרצײכנט צו װערן. עס איז געװען אין ביאַליסטאָק אויף יאַטקע־גאַס (אַנטקעגן דעם הויז פון אלימלך, װוּ איך בין געבוירן געװאָרן) אַ בע־קערײ — אַ מין היים-בעקערײ. די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון אַ פרוי, אַ מאַן, צװײ טעכטער און אַ זון. דער נאָמען, אויף װעלכער די בעקערײ איז געגאַנגען, איז געװען און פאַרבליבן: ליבע־קײלע שרהס. עס איז מעגלעך, אַז ליבע, די טאָכ־טער פון קײלע-שרה, האָט געירשנט פון דער מוטער די בעקערײ. אפשר. אויב אָבער ניט די בעקערײ, האָט זי זיכער געירשנט דעם טאַלאַנט צו באַקן אַזוי, אַז זי זאָל פאַראײביקט װערן. די פירמע האָט זיך ניט גענויטיקט אין קײן ספּעציעלער „פּובליסיטי” אָדער גרױסע שרײענדיקע ליכט. אפילו ניט אין קײן שילד. און יע־דערער האָט געטראָפן אַהין.

ליבע קײלע שרהס איז געװען אַ שטילע, ליבע, אויסגעהאָרעװעטע פרוי מיט אַ פּנים בלײך און צעשאָסן װי אַ צעװוירן טײג. זי װי אויך דער מאַן און די קינ־דער האָבן זיך באַװעגט לאַנגזאַם און רויק. גערעדט שטיל. דאָרט איז ניט געװען קײן פּלאַץ פאַר גרױסע זשעסטן, שנעלע באַװעגונגען, — נײשט קײן גרױסער רוים פאַר הויכע שטימעס. די קראָם, די בעקערײ און די װוינונג — אַלץ צוזאַ־מען איז ניט געװען גרעסער פון אַ קעלער אין אַ ברוקלינער צװײ-פאַמיליען-הויז. איך װײס ניט, אויב דאָרט איז געװען אַ סך גליק, אָבער ס'איז געװען דאָרט פײנקײט, אײדלקײט, אַ ביסל װיסן, אַ ביסל קולטור און אַ װעלט פון פרידן!

דער דראַנג זיך אײנצושאַפן פרײנט האָט זיך בײ מיר אַנטװיקלט אין דער פריער יוגנט; אַ דראַנג צו קריגן פרײנט און זײ גוט צו געדענקען. זע איך שטענ־דיק פאַר זיך אפילו די, װעלכע איך האָב פון דער פריער יוגנט אָן שוין מער קײנמאָל ניט באַגעגנט. די ערשטע פרײנט מײנע זענען געװען די, װעלכע פלעגן

קומען צו אונדז אין הויז אריין, אָדער אויף אונדזער הויף, — דאָס זענען געווען די אָרעמעלייט.

דער ערשטער איז געווען דער בלינדער, לאַנגער ייד, מיטן קאָפּ שטענדיק פאַרריסן צום הימל, ווי ער וואָלט וועלן דורכשפּאַרן די וואָלקנס און אויפדעקן פאַר זיך די זון; איך האָב צו אים געפילט אַ וואַרעמע ליבשאַפט, ווייל ער פלעגט זינגען הארצרייסנדיקע לידער און ער האָט שטענדיק געשמייכלט. ביי אונדז האָט מען קיינמאָל ניט געוואָרפן דעם גראָשן, נאָר ווייך אריינגעלייגט אים אין האַנט אריין; פיל איך נאָך איצט דעם ציטער פון זיין האַנט און זע נאָך איצט זיין טעמפּן טרויעריקן שמייכל. אַ גרויסער שאָד — כ'געדענק ניט זיין נאָמען, ווייל ער האָט תמיד געהייסן „דער בלינדער".

און אָט איז קיילע... קיילע איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע בעטלערין. זי איז געווען — אין אירע נאָרמאַלע טעג — אַ רויק, באַשיידן מיידל פון נידע־ריקן וווקס מיט אַ שיין געטאָקט פּנים. זי איז געווען איינע פון אַ משפחה פון דריי: אַן אַלטע מאַמע, אַ שוועסטער פּעשקע און זי. פּעשקע איז געווען אַ שוואַרץ־חנוודיק מיידל. אַלע טאָג פלעגט זי דורכגיין אונדזער הויז אויפן וועג צו און פון דער פּאַפּיראָסן־פאַבריק. שטיל, מיט אַן אינערלעכן טרויער און שטענדיק אין אַ לאַנג, שוואַרץ קלייד, פלעגט זי מיט פלינקע איילנדיקע טריט דורכשווימען די גאַס. יום־טובים פלעגן זיי אַלע דריי קומען צו אונדז אויף כיבוד. איך פלעג אָפט זיין ביי זיי אין דעם איינציקן צימער, אויסגעקאַלכט, ווייס. קיין בעטן זענען דאָרט נישט געווען, נאָר אַ שלאָף־באַנק וואָס איז געווען געמאַכט ווי אַ שמאָלער לאַנגער קאַסטן צוגעדעקט מיט אַ ברעט. אויף בייגאַכט פלעגט מען דאָס ברעט אַרונטער־נעמען, אַרויפלייגן עס אויף צוויי שטולן און דאָס איז געווען דאָס צווייטע גע־לעגער. דאָס דריטע געלעגער איז געווען אויף דער פּאָדלאָגע.

קיילע פלעגט אין זומער (מען האָט געזאָגט, אַז פון די היצן) ווערן ווילד, צעמישט... פלעגט זי קומען צו אונדזער הויף אויסברעכן די שויבן, שרייען, וויי־נען און אַלע האָבן פאַר איר מורא געהאַט. אָבער דעם גאַנצן ווינטער פלעגט זי זיין אַזוי שטיל, ליב און פריינטלעך, אַז מיר האָבן זי ליב געהאַט.

און אָט שטייט מיר פאַר די אויגן גליקע. — גליקע איז שוין געווען אַ פרוי אַן אינטעליגענטקע, אָרעם, אָבער פיין געקליידט. זי פלעגט קומען צו אונדז איין מאָל אַ חודש. איר באַזוך איז געווען אַ לאַנגער. אין שנייאיקע ווינטער־טעג פלעגט

זי קומען אַ זייגער צוויי און אָפּזיצן ביז שפּעט פאַרנאַכט. פאַר איר פלעגט מען דערלאַנגען הייסע, פרישע טיי מיט צובייסן און שטענדיק — אין עסצימער. מיט איר פלעגט די מאַמע און די באָבע געמיטלעך פאַרברענגען די דאָזיקע שעה'ן. זי פלעגט צושטעלן צו אונדז טיי, — וויסאָצקים טיי פלעגט מען קריגן אין יעדער קראָם און קרעמל, אָבער ביי אונדז אין דער היים פלעגט מען אין ערגעץ נישט קויפן קיין טיי, — גליקע איז געווען די איינציקע „פּאָדסטאַוושטשיצע".

מען האָט דערציילט, אַז זי איז געוואָרן יונג אַן אַלמנה, האָט געהאַט אויפצוהאָדעווען אַ פּאָר קינדער און האָט זיך גענומען צו דער דאָזיקער פּרנסה. זי האָט איינמאָל דערציילט מיין מוטער, אַז איך האָב אין איינעם אַ פרימאָרגן, גייענדיק אין שולע, זי באַגעגנט און אָפּגעשטעלט צו פרעגן איר וואָס זי מאַכט. הערנדיק, אַז ביי איר איז דאָס מיידעלע זייער קראַנק, האָב איך איר געגעבן מיין פרישטיק און דאָס קליינגעלט וואָס מען פלעגט מיר מיטגעבן. זי האָט עס נישט געוואָלט נעמען, בין איך אַנטלאָפן. יענעם גאַנצן ווינטער האָט מען פאַר אַלע פריינט און קרובים דערציילט מיט שטאָלץ די דאָזיקע טאַט מיינע.

## „מענטש-אָרקעסטער"

אונדזער ביאַליסטאָקער איין-מענטש-אָרקעסטער פלעגט זיך באַווייזן שטענדיק אין פרילינג און פאַרשווינדן מיטן אָנפאַנג פון די רעגנדיקע יעשענדיקע טעג. זיין נאָמען ווייס איך נישט, ווייל מען האָט אים גערופן דער „מענטש-אָרקעסטער". ער האָט געשפּילט איינער אַליין אויף עטלעכע אינסטרומענטן און אין איין און דער זעלבער צייט. פון פאָרנט איז ביי אים אָראָפּגעהאָנגען די גרויסע קאַטערינקע; פון הינטן אויף דער פּלייצע איז געהאָנגען אַ גרויסער באַראַבאַן, איבערן באַראַבאַן זענען געווען צוויי קופּערנע טאַצן וואָס פלעגן זיך פאַרבינדן מיט אַ לאַנגן שנור צום פוס, און אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ היטל מיט גלעקלעך. מען האָט באַדאַרפט באַזיצן אַן אויסערגעוויינלעכן ריטם און מען האָט באַדאַרפט האָבן אַן אויסערגעוויינלעכן קאָנטראָל איבערן ריטם, בכדי אויסצופירן די מוזיק אַזוי קונציק ווי ער פלעגט עס טאָן. דאָס אַלץ האָט געקלאַפּט צוזאַמען אַזוי שנעל און ריטמיש, אַז עס איז געווען אומעגלעך צו פאַרבלייבן רויק ביי דעם שפּילן. צו דעם אַלעמען פלעגט ער נאָך זינגען אויך. די רעכטע האַנט דרייט די קאַטערינקע, די לינקע קלאַפּט צו מיטן פּויק, דער פוס ציט די טאַצן און דער קאָפּ שאָקלט די גלעקלעך... און די פיס ביי אונדז קינדער הייבן זיך צום טאַנץ — אַ מחיה! האָט

ער טאקע געהאט אַ סך דערפאָלג און גרויס און קליין פלעגן אים נאָכלויפן פון הויף צו הויף.

## זאָשע.

צווישן מיינע קינדער-פריינט זיינען אויך געווען אונדזערע דינסטן. מיט זיי אין דער שטילער, ווארעמער, ריינער קיך אונדזערער, פלעג איך פארברענגען אַ סך, אַ סך ווינטער-אָוונטן. אמבעסטן פון זיי אַלע געדענק איך אונדזער דינסט זאָשע; ביי אונדז פלעגט אַ דינסט אָפּזיין יאָרן, אָבער זאָשע האָט ביי אונדז גע-דינט אמלענגסטן. זי איז צו אונדז אָנגעקומען נאָך פאר מיין באָבעס טויט און איז ביי אונדז פארבליבן לאַנג נאָך דעם. זאָשע איז געווען אַן ערלעכע — גאָלד צו לייגן, אַ בעריע — אַ בראַנד! אָבער איין חסרון האָט זי געהאַט — זי איז שטענדיק געווען מעוברת. זי איז נישט געווען קיין שיינע; איר פּנים איז געווען לייכט געשטופּלט און איין האַנט איז ביי איר געווען אַ קורצע. אָבער אַז זי פלעגט זיך דערנענטערן צו אַ מאַן, פלעגט ער אויף איר אַ קוק טאָן מיט מאָדנע אָפענע אויגן, דערביי פלעגן אירע ליפּן ווערן בלייך און די האַנט, אין וועלכער זי פלעגט טראָגן אַ טעלער אָדער גאָפּל-מעסער, פלעגט אַ ציטער טאָן. דאָס פלעג איך זייער אָפט באַמערקן, ווען מיר האָבן געהאַט געסט — סוחרים פון אַנדערע שטעט. דער איינציקער, וואָס פלעגט איגנאָרירן איר ניט קוקן, איז געווען אברהמקע — מיין מאַמעס קרוב. ער פלעגט דאָן גראָד אראָפּלאָזן די אויגן אין טעלער און נישט אויפהייבן זיי, ביז זאָשע פלעגט ארויסגיין פון צימער. אברהמקע האָט אויסגע-דינט פאָניען, איז געקומען צוריק און נישט געהאַט זיך צו וואָס צו נעמען. זיין געבורטשטאָט איז געווען גראָדנע, האָט מען ביי אונדז באַשלאָסן, ער זאָל פאר-בלייבן מיט אונדז און מיין פאָטער האָט אים איינגעאָרדנט אין אַ „סקלאַד" פאר אַ „פּריקאַשטשיק". אברהמקע איז געשלאָפן אין דער קאַנטאָרקע אויף דער קו-שעטקע. איינמאָל אינמיטן דער נאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון עפּעס אַ מאָד-נעם סקריפּען, איך האָב אין שרעק פארהאַלטן מיין אָטעם, איך האָב געמיינט גנבים גייען. אָבער גלייך האָב איך דערהערט אַזאַ שווער אָטעמען און אַזאַ שטיל קרעכצן... איך האָב זיך דערפילט עפּעס זייער מאָדנע און אָט באַלד האָב איך געזען ווי זאָשע שוועבט דורך מיין צימער אין איר ווייס נאַכט-העמד פון קאַנטאָרקע צוריק אין קיך אריין צו איר שלאָף-באַנק. פון יענער נאַכט אָן בין איך שוין זייער אָפט געלעגן מיט אַ פארהאַלטענעם אָטעם און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, צוהערנדיק זיך צו דעם מאָדנעם גערויש וואָס האָט זיך געטראָגן פון אברהמקעס קושעטקע...

וואָס גרעסער זאָשעס בויך איז געוואָרן, אַלץ עפטער פלעגט זי וויינען. מיין באָבע און מיין מאַמע פלעגן צו איר דאַן רעדן זייער ווייך. זיי פלעגן זי שטראָפן און אָנזאָגן איר, אַז פון איצט אָן זאָל זי שוין געדענקען, ווי שלעכט עס איז איר צו טראָגן און צו האָבן. זי פלעגט צוזאָגן, אַז דאָס איז שוין דאָס לעצטע מאָל. איך האָב קיינמאָל נישט געוווסט, ווו זי פלעגט דאָס קינד האָבן און אויך נישט ווו זי פלעגט דאָס אהינטאָן. איך פלעג אָבער זען ווי די באָבע פלעגט אָנפּאַקן אַ קאָשיקל מיט אַ טעפּעלע הינער-זופּ, פלעגט אַריינשטעלן אַ גלאָז איינגעמאַכטס און קיכעלעך און זי פלעגט דאָס אוועקטראָגן ערגעץ צו זאָשען. צו אָט די שליחותן פלעגט מיך שוין מיין באָבע נישט שיקן... נאָך עטלעכע וואָכן פלעגט זאָשע קו-מען צוריק אַ בלייכע, אַ שוואַכע. אַ צייט פלעגט מען זי נישט לאָזן טאָן קיין שווע-רע אַרבעט און מען פלעגט זי צוזען, נאַכהער פלעגט זי זיין שטיל, אַרבעטן שווער, און שוין באַלד — ווידער אָנהייבן זיך צו צעוואַקסן.

## שרה די ברײַע.

אַ גאַנצער דור איז אויסגעוואַקסן מיט דער פיגור פון שרה די בראַיע. שרה די בראַיע האָבן געקענט קינד און קייט. אָבער ביי מיר איז שרה די בראַיע פאַר-בונדן מיט אַ סך טיפע דראַמאַטישע איבערלעבונגען און איר געשטאַלט איז איינ-געוואָרצלט טיף אין מיין שעפערישן מוח און קינסטלערישן גייסט. שרה די בראַיע איז אַ פיגור פאַר אַ דראַמאַטורג, אַ פיגור פאַר אַ טעאַטער. און טאַקע צוליב דעם גיב איך דאָ איבער די געשיכטע פון שרה די בראַיע ווי איך האָב זי געדענקט פון מיינע עלטערן און ווי איך האָב זי איינגעזאַפּט אין זיך:

עס איז געווען אַ רייכע יידישע משפחה אין ביאַליסטאָק — דער נאָמען איז שוין נישט וויכטיק איצט, ווען אַלץ און אַלע, אָרעם און רייך, זענען אַוועק מיטן רויך... די משפחה האָט אַריינגענומען צו זיך שרהן, די שפּראַכן-קענערין, צו דערציען זייערע קינדער. שרה איז געוואָרן די פראַנצויזישע גוווערנאַנטקע אין דעם רייכן הויז. דער עלטסטער זון פון דער רייכער פאַמיליע האָט זיך פאַרליבט אין דער אָרעמער, העכסט-אינטעליגענטער גוווערנאַנטקע. יאָרן האָבן זיך גע-צויגן, געשעפטן זענען אַראָפּ. די רייכע משפחה איז געוואָרן געבראָכן, אָבער שרה די גוווערנאַנטקע האָט זיי נישט פאַרלאָזן. דער עלטערער זון האָט געענדיקט אַ מיטלשול און ווען ס'איז געקומען צום אוניווערזיטעט, זענען שוין נישט געווען די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן אים צו שיקן שטודירן. שרה די גוווערנאַנטקע האָט

ארויסגענומען פון באנק דאָס ביסל געלט וואָס זי האָט אָפּגעשפּאָרט פאַר די יאָרן ארבעט און האָט דעם „קאַוואַליר" אוועקגעשיקט קיין פאַריז זיך לערנען. נאָך זיין אוועקפאָרן האָט זי אָנגעהויבן ארומלויפן איבער ביאַליסטאָק אויף פּריוואַטע לעק-ציעס אין פראַנצויזיש און האָט רעגלמעסיק געשיקט דעם „זשעני" זיין לעבנס-אויסהאַלט. אַזוי האָבן זיך געצויגן יאָרן, ביז דער גליקלעכער טאָג איז אָנגעקומען און דער אויסשטודירטער זון פון דער יחסנדיקער פאַמיליע האָט באַדאַרפט אַראָפּ-קומען אַהיים. די פאַמיליע האָט זיך שטאַרק געגרייט צו זיין קומען, און, נאַטיר-לעך, מער פון אַלע, שרה — די וויכטיקסטע פיגור אין דער שמחה. שרה האָט אָבער נישט געוווּסט, אַז פאַר דער לעצטער צייט האָבן די „פיינע" עלטערן און נאָענ-טע צוגעגרייט דעם זון צו דעם, אַז „עפּעס איז מיט שרהן נישט אַלץ אין אָרדע-נונג..." עפּעס טוט זי זאַכן, וועלכע זענען נישט גאַנץ נאָרמאַל און עפּעס האָבן זיי מורא פאַר איר. דאָס הייסט, אַז זי גייט ביסלעכווייז אַראָפּ פון זינען!...

דער טאָג איז געקומען ווען מען האָט באַדאַרפט גיין באַגעגענען דעם „פראַנצויז" פון פאַריזער אוניווערזיטעט. ווען מען איז שוין געווען גרייט צו פאַר-לאָזן דאָס הויז, האָט מען זייער פריינטלעך באַטראַכט שרהן און מען האָט איר אַ גלעט געטאָן דאָס פּנים, און ווען דער זון איז אַראָפּ פון באַן האָט ער דערזען פאַר זיך זיין כלה מיט אַן אויסגעשמירט פּנים אין סאַזשע... ער האָט זיך שטאַרק אָפּ-געדרייט. די פאַמיליע האָט אים אַרומגערינגלט, און שרה האָט אַנטדעקט וואָס מיט איר האָט פּאַסירט און איז אַראָפּ פון זינען. זי איז געוואָרן שטיל, מעלאַנכאָליש. זי איז שטענדיק געווען אָנגעטאָן אין אַ שיינע, שפּיצענע פעלערינע מיט אַ קליין, קיילעכדיק היטעלע; אַלץ אין שוואַרץ. געערדט בלויז פראַנצויזיש. זי האָט קיינ-מאָל נישט געבעטן קיין נדבות, נאָר פלעגט שטענדיק זאַמלען געלט פאַר עמיצן, וועמען מען דאַרף שטיצן צו שטודירן... און שרה איז פאַרבליבן אין מיין זכרון די שטילע, הייליקע, פראַנצויזישע גוווערנאַנטקע.

* * *

פריינטלעך און ליב, זאָרגלאָז און לוסטיק איז אין מיינע אויגן געווען ביאַ-ליסטאָק און די ביאַליסטאָקער. אונדזער גויאישן שכן האָב איך נישט געקענט. חוץ קריסטלעכע דינסטן, דעם פּאָליצייסקי און דעם פּריסטאַוו, האָב איך נאָך דאַן קיינעם נישט געזען. און זיי האָבן זיך געגוויגט פאַר דער באָבען און פאַר מיין פאָ-טער און מוטער און הארציק געלאַכט נאָכן טרונק בראָנפן מיט פיש... און זיך ווי-

דער געניוגט, פאַרקוועטשנדיק אין האַנט אַ גרין פּאַפּירל וואָס האָט זיך צו זיי אַריינגעגליטשט ביים פּאַטערס „אויפּווידערזען"... רוסישע גימנאַזיעס מיט בלאַנדע שיקסעס האָב איך ערשט שפּעטער דערקענט; דערקענט זיי שוין דאַן, ווען אויף מיין נאָך קינדערישן מוח האָט זיך אָוועקגעלייגט דער ערשטער טיפער קנייטש, און ווען מיין נאָך־זייער־קינדיש הערצל האָט פאַרקוועטשט די ערשטע גרויסע איבערלעבונג: די יאָרן 1906 און 1907 זענען געווען פאַר מיר די יאָרן, וועלכע האָבן פאַרזייט אין מיין נשמה טיפן טרויער.

קאַפּיטל 7

# ביאַליסטאָקער פּאָגראָם


עס זומער פון 1906 האָבן מיר פאַרבראַכט אין מיליטשיץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַלע פריערדיקע יאָרן מיט אַ קאָרעספּאָנדענץ צו פּישקע דעם קצב, שמעון בייניש און חיים־סטאָליאַר. און ווי אין די פריערדיקע יאָרן האָט מען אויך דאָס יאָר געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט חיים־סטאָליאַר. דאָס יאָר האָט מען גע־דונגען דאָס נייע הויז אין הויף פאַר זיך. באַלד נאָך פּסח איז די באָבע געוואָרן שטאַרק פאַרנומען מיטן אויסקלייבן די וואַרעניעס וועלכע מען דאַרף מיטנעמען און די וואָס דאַרפן בלייבן אין בופעט אונטערן שלאָס. יעדן טאָג צווישן פּסח און שבועות זענען אַ פּאָר שעה געווען געווידמעט צו די פּלענער, ווען, ווי אַזוי און אין וועלכע קאָשן מען וועט פּאַקן בעטגעוואַנט און כלים. און דאָס יאָר ווי אין די פריערדיקע יאָרן זענען געווען די זעלבע קאָשן פאַר דעם זעלבן געברויך.

מען פלעגט געוויינלעך אַרויספאָרן מאָנטיק נאָך חצות, ס'הייסט שוין דינסטיק, בכדי מ'זאָל טאַקע אין אַ מזלדיקן דינסטיק אָנקומען בשלום קיין מיליטשיץ. גלייך נאָכמיטיק פלעגט מיין פאָטער „סיסטעמאַטיש” שנורעווען די קאָשן, די קערב,

געשיקט אַרומנייען די זעק וואָס מיין מוטער האָט זייער פּאָרזיכטיק און מיט אַ סדר אָנגעפּילט. דאָס יאָר, ווי אין אַלע פריערדיקע יאָרן, זענען צוויי דראָזשקעס געווען באַשטעלט אינדערפרי צו קומען נעמען אונדז צום באַן. צום באַן פלעגט מען קומען אַ סך פריער, אָבער קיינמאָל האָט מען נישט געהאַט קיין איבעריקע צייט... פּעק אַרונטערנעמען, זיי וועגן, אויסשרייבן קוויטאַנציעס, אַוועקלייגן קוויטאַנציעס אין אַ „זיכער" אָרט, עטלעכע מאָל „פּראָוויערייען" צי זיי זענען טאַקע דאָ, אָנהייבן זיך געזעגענען, זיך צעקושן, אָנזאָגן: „באַבעניו, זיי פּאָרזיכטיק ביים אַרונטערגיין פון דער „פּלאַטשטשאַדקע"! „מוליע, היט זיך מיטן עסן, עס אין צייט און דער עיקר, למען השם, שרייבט אָפּט!"... דאָס פלעגט שטענדיק אַכזריותדיק איבערגעריסן ווערן פונעם פייף פון לאָקאָמאָטיוו, פון דעם גרויסן גלאָק שלאָגנדיק, און פון דער זינגענדיקער שטימע פון קאָנדוקטאָר: „טרעטי זוואָנאָק, בעלסק, קלעשטשעלי, בריסק!"... מיין מוטערס אויגן פלעגן ביי דעם שטענדיק ווערן פייכט. מיין פאָטער פלעגט אַ שמייכל טאָן און איך פלעג ווערן אָנגעפילט מיט זומער-דיקער פרייד.

מיין פאָטער פלעגט שטענדיק פאַרנעמען פאַר אונדז אַ פּלאַץ ביים פענצ-טער, דורך וועלכן מען האָט מינוטן לאַנג נאָך געזען מיין מוטער, פאָכנדיק מיט איר שניי-ווייס טאַשנטיכל, שוין בעתן גאַנג פון צוג. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אַ פערטל צו צוויי פאַרטאָג, — אַ פערטל נאָך זעקס דעם זעלבן פאַרטאָג איז מען שוין געווען אין קלעשטשעלי.

פון קלעשטשעלי קיין מיליטשיצי פלעגט מען פאָרן מיט פערד און וואָגן. יעדער פורמאַן האָט געשוווירן, אַז ער איז געקומען „ספּעציעל" פאַר אונדז — געיאָגט די פערד נאָך אין דער פינצטער, איינגעשפּאַנט די בעסטע סוסים, אויס-געלייגט דעם וואָגן מיט פרישן היי, אָנגעגרייט אַ צודעק, אַן איבערדעק פאַר ווינט אָדער רעגן —, זיי האָבן פאַרפלייצט מיט רייד, ביז מ'יר פלעגן צושפּאַצירן צו פּרץ דעם וואַלד-הענדלער (נישט ווייט פון באַן), זיך געזעצט צום פרישטיק-טיש, און ער, פּרץ, פלעגט איבערנעמען די פאַרהאַנדלונגען מיט די בעלי-עגלות און אַרויס-שיקן אונדז אויף די אָנגעלאָדענע וואָגנס צום „כרך" מיליטשיצי.

פערצן וויאָרסט — צוויי מייל — איז געווען דער וועג. דורכגעפאָרן דעם מילנער (נישט געוווסט נאָך דעמאָלט, אַז דאָרט אין דער מיל איז שוין אויסגע-וואַקסן די שענסטע סאָסנע פון פאָליעסער וועלדער — פּרץ הירשביין), אַריבער-געפאָרן דעם ערשטן באַרג און אָנגעהויבן דעם זאַמדיקן וועג. נאָכדעם אַריינ-

געפאָרן אין פרישן וואַלד. הויכע סאָסנעס האָבן געוואָרפן שאָטן און פריע זון האָט צעוואָרפן אירע שטראַלן און די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיטן ריח פון „זוברוווקע” און געשמעקט ווי פּאַרפום.

דאָ פלעגן די „אָדלערס” גיין טריט ביי טריט און איינזאַפּן צוזאַמען מיט אונדז די זיסע לופט. מיין מוטער פלעגט לאַנגזאַם אָפּשטריקלען די פּעקלעך פרישע פרוכט, באַטיילן אונדז, קינדער, דער קריסטלעכער דינסט, דעם בעל-עגלה. יעדן איינעם אַ פרוכט און אַ סאַלפעטקעלע. דאָס פלעגט מאַכן דעם פורמאַן באַרע-דעווודיק. פלעגט ער אונדז געבן דעם ערשטן באַריכט פון אַלע געשעענישן אין שטעטל, אַלע פּאַסירונגען אין די הייזער, אַלע נעמען פון די היי־יאָר־דאַטשניקעס, ווער ביי וועמען, — די שטימונג איז געווען גוט.

נאָכן וועלדל האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַרג אַרויף און טיפער זאַמד. דער בעל־עגלה האָט געשריגן, געפייפט, געקנאַקט מיטן בייטש, געשאָלטן די פערד, זיך געזשאַלעוועט פאַרוואָס מען האָט אָפּגעדונגען ביי אים אַ פּאָר גילדן... מיין מוטער האָט פאַרגיטיקט זיין פאַרלוסט; אויסגעפּאַקט די קאַלטע הון מיט חלה, אַ פרישע אוגערקע און דער געשמאַקער צוביים האָט פאַרבעסערט די שטימונג. דער בוים, דער זקן, (אַ בוים מיט אַן אויסגעבויגענעם רוקן) איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פון נאָענטן מיליִיטשין. דער צווייטער און לעצטער סימן איז געווען דאָס אייביק יונגע סאָסנעלע וואָס האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אַלט ווערן. עפּעס איז דאָס סאָסנעלע פאַרבליבן אין מיין זכרון ווי אַ סימבאָל פון אייביקן בליען. ביי אָט דעם סאָסנעלע אויפן שפּיץ באַרג פלעגט מען אָפּשטעלן דעם וואָגן, פאַרריכטן די געזעסן, צוקעמען די האָר, צושפּילען די היטעלעך, אַ גלעט טאָן די לאַצן; דער בעל־עגלה פלעגט אַ שפּרונג טאָן אויפן געזעס, אַ קנאַק טאָן מיט דער בייטש און די פערדלעך פלעגן אַ צי טאָן דעם וואָגן. אונדז פלעגט אַ וואָרף טאָן אויף הינטן, אַז מיר פלעגן אַזש אַ געשריי טאָן, אָבער אַ געשריי מיט פרייד. אין עטלעכע מינוט פלעגט מען אַרויספאָרן אויף דער ברוקירטער קלעשטשעלער גאַס. דאָ פלעגן די „אָדלערס” יאָגן, די רעדער פלעגן קלאַפּן, די בייטש האָט געקנאַקט און אַלע הינט פון די גויאישע כאַלופּקעס האָבן געבילט. דאָ און דאָרט פלעגט אַ סקריפּע טאָן אַ טיר פון אַ שייער און קליינע שקאָצימלעך און שיקסעלעך, באָר־וועסע און שמוציקע, פלעגן מיט פאַרוווּנדערונג אַרויסקוקן, און מיר האָבן זיך דורכגעטראָגן ווי אַ ווינט און האָבן צוגאַלאָפּירט צו חיים־סטאָליאַר — דאָס ערשטע יידישע הויז.

דעם זומער, ווי אַלע פריערדיקע זומערן, זענען בריוו געפלויגן (מיט דער צוויי־פערדיקער פּאָטשט) קיין און פון וויסאָקאָ־ליטאָווסק, ביז איינעם אַ מאָנטיק, ווען מיין פאָטערס בריוו האָט אונדז געוואָרנט צו זיין רויק אין פאַל מיר קריגן ניט קיין בריוו נאָכן צווייטן דאָנערשטיק. קלאַנגען אין דער לופט זאָגן אַז אַ פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק אין „גרינעם דאָנערשטיק".

אַ שוואַרצע כמאַרע האָט פאַרצויגן דעם בלויען הימל איבער מיליטשיצי און פאַרטונקלט דאָס ליכט פון דער הייסער יולי־זון. מיין מוטער — ווי תמיד אין אַ קריטישן מאָמענט, האָט פאַרשוויגן, — זענען מיר אַלע פאַרגאַנגען אין אַ טרויעריק שווייגן. דאָנערשטיק פאַר פרי האָבן זיך אַלע ביאַליסטאָקער פאַרזאַמלט אין אונדזער הויף און שטוב — אונדזער הויז איז תמיד געווען דער צענטער. דעם דאָנערשטיק פאַרנאַכט איז אָנגעקומען די פּאָטשט פון וויסאָקי ליטאָווסק מיט די לעצטע בריוו און מיט אַ מינדלעכן גרוס: אַז אין ביאַליסטאָק גייט אָן דער געפּלאַנטער פּאָגראָם שוין פון פרי אָן. די יללות פון פרויען און דאָס געוויין פון איבערגעשראָקענע קינדער האָבן זיך געריסן צו די הימלען. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דריי מעת־לעתדיקער תענית און אַ דריי־נאַכטיקע וואַך. מיין מוטער איז אין איר אָנטאָן געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געשלאָסענע ליפּן. פון צייט צו צייט האָט זיך אַ טרער ווי אַ פּערל, דורכגעגליטשט דורך די פאַרמאַכטע וויעס און לאַנגזאַם זיך געקייקלט איבער דער וואַקס־בלייכער באַק. דאָס האָט אַזוי געקלעמט דאָס האַרץ, געדריקט ביים גאָרגל און געביסן אין נאָז... אָבער וויינען האָט מען ניט געוואָגט, — מען האָט מורא געהאַט צו צעשטערן די שטילקייט. עפּעס אַזוי ווי מען זאָל וואַרטן אויף עפּעס אַ קלאַנג וואָס זאָל זיך דורכרייסן צו אונדז פון דער ווייט. די ווייט איז אָבער געווען אַ מיילעדיקע — און איצט אַ צענפּאַכיקע.

שבת באַלד נאָך הבדלה האָט מען געשפּאַנט די פּאָטשטאָווע פערד פאַר אַ ספּע־ציעלער שליחות קיין וויסאָקאָ־ליטאָווסק. שפּעט נאָך חצות האָבן די פערד מיט אָראָפּגעלאָזטע קעפּ אַריינגעשפּאַנט צוריק. — ניטאָ קיין בריוו צו קיינעם, פון קיינעם נישט... זונטיק גאַנץ פרי האָט דער רב אויסגערופן אַ תענית פאַר אַלע ניט־ביאַ־ליסטאָקער. וווּבער זענען געלאָפן „רייסן קברים". גוויים זענען ארומגעגאַנגען ווי פאַרשעמטע. קרעמלעך זענען געווען געשלאָסן און איבער קלעשטשעלער גאַס האָבן זיך געררוקט מענטשן ווי שאָטנס, אַלע ארויסקוקנדיק צום קלעשטשעלער וועג. פון דעם צווייטן עק קלעשטשעלער גאַס איז יאָ עמיצער אָנגעקומען פון וואַרשע דורך דער סטאַנציע נורעץ און האָט דערציילט וועגן דעם ווי מען האָט געשפּאָלטן קעפּ אויפן וואָקזאַל אין ביאַליסטאָק און ווי כוליגאַנעם בושעווען דאָרט. די ידיעות

זענען געקומען דורך די באַן-באַאמטע. יידן זענען קיין ווארשע פון ביאַליסטאָק ניט אָנגעקומען פון דאָנערשטיק אָן.

מאָנטיק האָט מען באַשלאָסן אַרויסצושיקן ספּעציעלע צוויי רייטער קיין וואָ-לקאָ-ליטאָווסק און מיין ברודער מאַקס איז געווען איינער פון די צוויי. ערשט מאָנטיק שפּעט פאַרנאַכט זענען די צוויי רייטער, פאַרשוויצטע, אויף די פערד וואָס האָבן קוים געאָטעמט ישוין, צוגעפלויגן צו אונדזער היים מיט דעם איינאיינציקן בריוו — מיין פאָטערס בריוו.

מער ווי דעם אַדרעס האָט מיין מוטער ניט באַוויזן איבערצולייענען און איז אַוועקגעפאַלן אויף איר געלעגער. אַ ביטער געוויין פון די צענדליקער מענטשן אַרום האָט אויפגעטרייסלט די שטוב... און נאָך דעם האָט מיין מוטער מיט ציטערדיקע הענט געהאַלטן דעם בריוו וואָס איז געווען געדיכט אָנגעפּיקעוועט, — און מיט אַ ציטערדיקער שטימע און שטיל געוויין געלייענט:

„...די הייליקע פּראָצעסיע האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַלע יאָר אין „גרינעם דאָנערשטיק" גאַנץ פרי. צען אַזייגער האָט די פּראָצעסיע דערגרייכט די הויפּט ליפּאָווע גאַס. אַלע געשעפטן זענען געווען געשלאָסן. קיין ייד האָט ניט געוואַגט אַרויסצוגיין אין גאַס. ניט ווייט פון דער קירכע האָט איין קריסט פון דער מאַסע אַ שטופּ געטאָן אַ צווייטן און ווי אַ דונער האָט אָפּגעהילכט אין דער מאַסע: „יידן שלאָגן קריסטן!" און ווי אַ בליץ האָט אַ פייער אָנגעצונדן די גאַנצע מאַסע. דער פּראָוואָצירטער פּאָגראָם איז געווען אַזוי צוגעגרייט, אַז ניט נאָר איז די גאַנצע מאַסע פון דער פּראָצעסיע געווען גוט באַוואָפנט, נאָר אין אַלע זייטיקע גאַסן און אין אַלע עקן שטאָט האָט זיך רויב און מאָרד אָנגעהויבן אין דער זעלבער צייט. די ערשטע קרבנות זענען געווען די יידן, וועלכע זענען אָנגעקומען מיט דער באַן און אַרונטער אויף דער סטאַנציע ביאַליסטאָק. די פּאָליציי איז, ווי לויט אַ שטרענגער פאַראָרדענונג, געשטאַנען פון דער זייט און מיט קיין איין באַוועגונג ניט פּרובירט אָפּצושטעלן די צעיושעטע מאַסע. הייזער זענען געווען געשלאָסן אויף אַלע ריגלען, טויערן זענען געווען פאַרשפּאַרט. אונדזער גאַנצער הויף מענטשן און שכנים פון אַרום, וואָס האָבן באַוויזן אַריבערצולויפן צו אונדז, האָבן זיך אַרונטערגעלאָזן אין קעלער. די ייגגערע מענער האָבן געהיט דעם הויף. דריי מעת-לעת האָבן כוליגאַנעס געבושעוועט און יידישע קולות האָבן געריסן די הימלען. אין אונדזער קעלער איז געזעסן מיין מומע טייבעלע מיט אירע צוויי יינגלעך געצעלע און הערשעלע, — דער לעצטער נאָך אַ זויגלינג. האָט זיך דער זויגלינג צעוויינט און אַלע זענען

אריינגעפאַלן אין אַ פּאַניק, אַז דאָס ווייַנענדיקע קינד וועט צוציען די מערדער; איז מיין מומע געוואָרן אַזוי פאַרצווייפלט, אַז זי האָט צוגעדריקט דאָס קינד ביז צום דערשטיקן, — ווי אַזוי דאָס קינד איז לעבן געבליבן, קען זי ניט באַגרייפן. אונדזער שכן דער למדן איז אָפּגעזעסן אויף אַ קליין בענקעלע, ווי מען זיצט שבעה, איבער אַ ספר די גאַנצע דריי מעת־לעת.

דעם בריוו האָט מיין פאָטער געשריבן אין דער צייט ווען דער פּאָגראָם איז אָנגעגאַנגען. איבערגעריסן און ווידער צוגעשריבן, און ערשט זונטיק גאַנץ פרי האָט ער געוואַגט און איז צוגעגאַנגען צום נאָענטסטן פּאָסט-קעסטל צו באַזאָרגן דעם בריוו. נאָך דעם האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען בריוו און ידיעות פון אַלע זייטן. ידיעות טרויעריקע וועגן דערמאָרדעטע, פאַרפּייניקטע... אַלץ מער און מער נעמען... נעמען באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע... מיליטשישיצער וואלד איז געוואָרן באַדעקט מיט טרויער, און דאָס יאָר זענען זיך דאַטשניקעס צעפאָרן פריער ווי שטענדיק.

אויף ביאַליסטאָקער גאַסן האָבן ווידער געקלונגען אָפּיצערסקע שפּאָרלעך; פּאָ־ליציילייט זענען די ערשטע שבתים ניט געקומען נאָכן טרונק בראָנפן און שבתדיקע פיש, — אָבער בלויז די ערשטע פּאָר שבתים —, נאָכדעם איז אַלץ אוועק ווי געוועזן. ס'איז אָבער פאַרבליבן ביים יינגסטן דור אין זכרון, אַז אין 1906 איז דער „גרי־נער דאָנערשטיק" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שווארצן, און האָט איבערגעלאָזן אַ בלוטיקן פלעק אויף דער הערשנדער אומה — אויפן רוסיש-פּוילישן פאָלק.

קאַפּיטל 8

# מיין שטעטעלע מיליטשיצי

י ערשטע, טיפסטע איבערלעבונג פון ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, האָט פאַרזייט אין מיין אונטערבאַוווסטזיין אַ דראַנג צו יידיש און יידישקייט, צו פּאָלק און פּאָלקסטימלעכקייט. דערפאַר איז דאָס יידישע מיליטשיצי אויף תמיד פאַר־בליבן — מיין שטעטעלע! אין דרייעק, צווישן ביאַליסטאָק, בריסק און ווארשע איז געלעגן דאָס דערפל, אויסגעמיטן פון דער מאַפּע און דאָך אַזוי באַרימט — מיליטשיצי. מיליטשיצי איז באַשטאַנען פון צוויי גאַסן: די הויפּט קלעשטשעלער גאַס און אויף דער ענדע פון קלעשטשעלער גאַס די פּערפּענדיקולאַרע פּאַקיניאַ־ווער גאַס. אויף איין עק פּאַקיניאַווער גאַס איז געשטאַנען דער קלויסטער, — ניי, ווייס און אויף אַ פעסטן באָדן איז געשטאַנען דער קלויסטער. פון אויבן אין דער גאַנצער רונדע פון דער געביידע האָט געשיינט אַ גאָלדענער קופּאָל. אַרום דעם קלויסטער אויפן גאַנצן גרויסן שטח זענען געוואַקסן גערטנער און בלומען. אַרום די גערטנער זענען געשטאַנען בענק און יעדע באַנק האָט באַשיצט אַ געזונטער בוים וואָס איז זיך צעוואַקסן אין דער הויך און אין דער ברייט, וואַרפנדיק שאָטנס אויף די פאַרליבטע פּאָרלעך.

יעדן זונטיק פון גאַנץ פרי אָן פלעגן די קלויסטער־גלאָקן קלינגען, אַפּהילכן איבער אַלע דערפער ארום און צוזאַמענטרייבן הונדערטער יונגע שיקסעס און שקאָצים אין קלויסטער אריין.

## חיהלע גראָבער

אויפן צווייטן עק פּאַקיניאָווער גאַס איז געשטאַנען די שול, — אַ שוואַרצע אַל־טע געביידע, צוזאַמענגעקלאַפּט פון צעפוילטע שינדלען, מיט אַ נידעריקן אַריינגאַנג און צוויי קליינינקע פענצטערלעך פון ביידע זייטן. די גאַנצע שול איז געשטאַנען אויף נידעריקע אַלטע סלופּקעס און איז געווען אויסגעבויגן אויף איין זייט, ווי זי וואָלט אָט־אָט אַנידערגעפאַלן. אפשר דערפאַר האָבן זיך אַלע חתונות אין מי־לייטשיץ אָפּגעשפּילט אַרום דער שול און ניט אינעווייניק.

אויפן פּלאַץ נעבן דער שול איז געווען דער מאַרק. יעדן דאָנערשטיק מיטן אויפגאַנג פון דער זון פלעגן הונדערטער פערד ווי אָדלערס אין גאַלאָפּ פירן זייע־רע כראַביעס און פּויערים פון די דערפער צום מאַרק; יעדן דאָנערשטיק מיטן זון־אונטערגאַנג שלעפּן זייערע צעווילדעוועטע שיכורע באַלעבאַטים צוריק צו זייע־רע היימען.

חוץ דער שול האָט מילייטשיצי געהאַט נאָך איינעם אַ זייער וויכטיקן צענ־טער און דאָס איז געווען די באָד. די באָד איז געשטאַנען הינטער פּישקעס הויז נעבן טייך. אַזוי, אַז אַרום דער באָד איז תמיד געווען נאַס, אָבער אין באָד איז תמיד געווען טרוקן. דאָס איז געווען אַ לאַנגע איינשטאָקיקע געביידע פון מויז־גרויע צעקרימטע ברעטער מיט אַן אויסגעהאַקט לאָך פאַר אַן אַריינגאַנג. אין באָד זענען געווען צוויי קאַדקעס און פיר שעפּעלעך. דאָנערשטיק פלעגן זיך באָדן ווייַ־בער און פרייטיק פלעגן מענער גיין אין מרחץ אַריין... די בעדערקע דאָבע־ריינע איז געווען אַן אויסגעקוועטשטע, נידעריקע יידענע מיט אַ בלייך, אומעטיק פּנים און אויסגעלאָשענע אויגן. גערעדט האָט זי אַזוי שוואַך, אַז מען האָט זי קוים געהערט. משה דער בעדער איז געווען אַ יידל אַ פעטער, מיט אַ געדיכט, שוואַרץ בערדל, מיט אָפענע, שוואַרצע אויגן, מיט אַ פעסטן טראָט און אַ שווייגנדיקער. דאָבע־ריינע פלעגט רייבן די פּלייצעס און משה פלעגט צוגיסן וואַסער... מיין מוטער איז געווען אַ הויכע און אַ פולע, פלעגט זי קענען זיצן אין קאַדקע נאָר אַזוי, אַז די קני האָבן אַרויסגעשטאַרצט און איך פלעג ווי אַ פייג זיצן אויף די קני. איינמאָל זיצנדיק אין קאַדקע האָט מיין מוטער אַ זאָג געטאָן: „דאָבע־ריינע, ס'איז עפּעס גאָר ניטאָ קיין וואַסער אין קאַדקע, און דאָס וואָס איז דאָ, איז אויך קאַלט". האָט דאָבע אַ רוף געטאָן מיט איר שוואַכער יאַדושליוווער שטימע: „משה, משה, ברענג אַריין אַ שעפּעלע וואַסער!". מיין מוטער: „וואָס טוט איר, דאָבע־ריינע, איך בין דאָך אינגאַנצן אַ נאַקעטע!" דאָבע־ריינע: „מיין משה קוקט ניט".

אַ צווייט מאָל האָט דאָבע־ריינע דערציילט מיין מוטער: „איר הערט, באַבעלע,

איך האָב אָפּגעלעבט מיט משהן זעקס יאָר און מיר האָבן ניט געהאַט קיין קינדער, האָט זיין משפּחה אָנגעהויבן צו אַרבעטן מעשים, ער זאָל מיך גטן. געזען, אַז ס'האַלט שלעכט, האָב איך אים אָנגעהויבן בעטן, ער זאָל פאָרן צום רבין... האָט ער מיך געפאָלגט און איז אַוועק... געקומען צום רבין, פרעגט ער אים: „פון וואַנען קומט אַ ייד?" זאָגט מיינער: „פון מיליטשיצי". „וואָס איז דיין פּרנסה?" „מיר האָבן אַ באָד". „איר האָט אַ באָד. נו, איז הער זשע, משה: ווען די ווייבער קומען זיך באָדן, קוק אויף זיי... קוק אויף זיי..." „איי, באַבעלע, זינט ער איז געקומען פון רבין און האָט אָנגעהויבן צו קוקן, קינדל איך אַלע יאָר". איך ווייס ניט, צי איך בין אַלט געווען זעקס יאָר, אָבער איך בין זיכער, אַז אין דעם מאָמענט האָט זיך ביי מיר אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ חוש פאַר פאָלקלאָר.

אין דער צייט איז שוין מיין מוטער געווען גוט באַקאַנט פאַר די מיליטשיצער און זי האָט שוין אויך גוט באַקאַנט געמאַכט מיליטשיץ. דאָס שטעטעלע גרויס ווי אַ גענעץ האָט מיין פאָטער אַנטדעקט; ער האָט געקראָגן פון דאָרט אַ סוחר, וועלכער האָט אים איינגעלאַדן צו באַווייזן אים דעם פּרעכטיקן סאָסנאָוון וואַלד זייערן. מיין פאָטער איז צוריקגעקומען אַ באַגייסטערטער, און טאַקע גלייך דעם צווייטן זומער איז מען אַרויסגעפאָרן אַהין. דאָס האָט באַדאַרפט זיין אין 1901 אָדער 1902. די געשיכטע פון מיליטשיץ פלעגט מען ביי אונדז אָפט איבערדערציילן. ווען מיין מוטער איז געקומען צום ערשטן מאָל אַהין זענען דאָרט געווען אַ 25 יידישע משפּחות און אַ 50 קריסטלעכע (חוץ אין דערפער אַרום). געסט זענען געווען בלויז אונדזער קליינע פאַמיליע און אַ פריינט וואָס מיין מוטער האָט איינגעלאַדן מיט אונדז. זיי זענען אָבער געוואָרן אַזוי פאַרכאַפּט פון דער אויסערגעוויינלעכער לופט פון די מיליטשיצער סאָסנעס, אַז זיי האָבן אַ גאַנצן ווינטער געמאַכט פּראָפּאַגאַנדע און יעדעס יאָר צוגעצויגן מער און מער מיטפאָרער. די פּראָפּאַגאַנדע איז געגאַנגען פון מויל צו מויל. יעדעס יאָר איז דער צוזאַמענפאָר פון דאַטשניקעס געוואַקסן, און אין 1914, דעם לעצטן זומער אונדזערן אין מיליטשיצי, זענען דאָרט געווען ביי אַ פינף הונדערט געסט. עס זענען שוין געווען דאַטשעס גרויסע, נייע; עס זענען שוין געווען פּענסיאָנאַטן, עס שוין געווען אַ פּאָסט און אויך אַ „פּריכאָדסקאָיע שקאָלע".

די שטענדיקע יידישע באַפעלקערונג פון דעם שטעטעלע איז באַשטאַנען פון שוסטערס, שנײַדערס, קצבים און פורמאַנעס. קיין „אינטעליגענץ" איז דאָרט ניט געווען. ניט געווען קיין דאָקטאָר, קיין אַפּטייקער. אָבער איין גרויסן יחוס האָט מיליי־

טשיצי פאַרמאָגט — און דאָס איז געווען דער מיליטשיצער רב. דער רב — פלעגט מען דערציילן — איז געווען אַ גאון און איז באַרימט געווען איבער גאַנץ פוילן. מיט דעם רב האָבן זיך די מיליטשיצער געיחסנט און קאָמערציאַליזירט דעם יחוס אין אַלע זייערע געשעפטן, הויפּטזאַכלעך אין שידוכים. ווער וואָלט געוואַגט צו רעדן מיט אַ מיליטשיצער מחותן וועגן נדן, אַז ער ברענגט אַזאַ יחוס ווי דעם מיליטשיצער רב! פאַר מיינע יאָרן אין מיליטשיצי האָט שוין דער רב ניט געלעבט, — איז פאַר מיר דער מיליטשיצער רב בלויז אַ לעגענדע. אָבער איך געדענק גוט די מיליטשיצער רביצין פּראַדל. זי איז געווען פון מיטעלן וווקס, אַ שלאַנקע, געהאַט אַ שנעלן, שטאָלצן גאַנג, שטענדיק געווען פיין אָנגעטאָן אין שוואַרצן, — דאָס האָט איר צוגעגעבן אַן אַריסטאָקראַטישקייט. און אַז זי פלעגט גיין איבערן שטעטל, פלעגט זיך דער קאָפּ לייכט באַוועגן און דאָס נוידערל פלעגט זיך צושאָקלען ווי עס וואָלט געזאָגט: „פאַרגעסט ניט, דאָ גייט די רביצין פון דעם מיליטשיצער רב!". קיינער האָט עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. יידן פלעגן איר טראָגן דעם גוט־מאָרגן אַנטקעגן און קריסטן פלעגן זיך נויגן ביז צו דער ערד.

פּראַדל די רביצין האָט געהאַט אַ באַקאַליי־קראָם אויפן מאַרק אַנטקעגן דער שול. איר איינציקע טאָכטער חיה־דאָבע האָט געהאַט איר שניט־קראָם פונקט אַנטקעגן דער מאַמעס. חיה־דאָבע איז געווען אַ הויכע, אַ דאַרע, אַ סוחרטע — אַ ברען! איר מאַן איז ניט געווען קיין רב, אָבער אַ תלמיד פון אַלטן רב און אַ גרויסער חסיד. אין דעם הויז ביי חיה־דאָבען האָב איך צום ערשטן מאָל גע־הערט חסידישע ניגונים: עס איז געווען אין אַ שמחת־תורה. די שטוב איז געווען פול מיט חסידים. אָפּגעגעסן און געמאַכט עטלעכע כוסות, האָבן חסידים פאַר־וואָרפן די קעפּ, פאַרמאַכט די אויגן און זיך פאַרגאַנגען אין נגינה. פּלוצלינג האָב איך אויפן לאַנגן טיש, אויף וועלכן מען פלעגט מעסטן די סחורות, דערזען חיה־דאָבעס מאַן מיט די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע פאַרהויבן, טאַנצנדיק אין דער גאַנ־צער לענג פון דעם שמאָלן טיש. איך בין געווען ווי אין אַ חלום. פאַרשטאַנען האָב איך ווייניק, אָבער געפילט האָב איך יענע נאַכט, ווי איך וואָלט אַראָפּגעקו־מען צוריק אויף דער ערד נאָך אַ לאַנגן וווּנדערלעכן וועג אין זיבעטן הימל. אַ סך יאָרן זענען פאַרלאָפן פון יענעם שמחת־תורה אָן — יאָרן פון פּאָגראָמען, וועלט־קריג, איבערזידלונג, רעוואָלוציע, הונגער און וואַנדערונג, — און איך בין איצט מער ווי תמיד פאַרכאַפּט פון דעם עקסטאַז פון יענעם גרויסן חסיד! ווער וואָלט פאָרויסגעזאָגט, אַז די מיסיע פון אָנהאַלטן און איבערגעבן יענעם חסידישן

עקסטאַז וועט באַשערט זיין דעם דינעם, בלייכן מיידעלע וואָס איז געשטאַנען דאָרט אויף דער באַנק?!

דער מילייטשיצער רב האָט געגעבן מילייטשיץ דעם יחוס, — דער מילייטשיצער וואַלד האָט געגעבן דעם שטעטעלע דעם שם. אויף איין זייט פון שטעטל, אין דער גאַנצער לענג פון פּלעשטשעלער גאַס, האָט זיך אויפגעבאָוועט אַ געזונטער הונדערט־יאָריקער סאָסנאָווער וואַלד. פעסט איינגעוואָרצלט זענען געשטאַנען הויכע, גלייכע ביימער באַקרוינט מיט לאַנגע, דינע, פריש־גרינע נאָדלען. יעדער שפּיץ פון אַ צווייג האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ גרינער קלעפּיקער שישקע וואָס האָט געשמעקט מיט סאָסנע און געהיילט אָנגעגריפענע לונגען. אונטער דער הייסער זון האָבן פעטע ביימער געגאָסן פון זיך גרויסע טראָפּנס געל־קלעפּיקן זאַפט, — טראָפּנס, וואָס האָבן געבלישטשעט אויף דער זון ווי טרערן. אָט דער זאַפט וואָס האָט פאַרשמעקט ניט נאָר דעם וואַלד, נאָר די גאַנצע לופט אַרום, איז געווען דער סוד פון דעם, וואָס די חולאים, וועלכע מע האָט אַרונטערגעבראַכט אין פרילינג אויף בעטלעך, האָבן זיך אַרום יעשען־צייט געשטעלט אויף זייערע פיס. דער זאַפט האָט אָנגעפילט די קראַנקע לונגען אויפן גאַנצן ווינטער, ביז מען האָט זיי ווידער צוריקגעבראַכט צו דעם שטיקל גן־עדן.

איבער אַ זאַמדיקן וועג פלעגט מיין מוטער לאַנגזאַם גיין יעדן פרימאָרגן, אָפּהיטנדיק די „קור" ווי אַ גוטער ייד היט אָפּ דאַוונען. ביי איר זייט פלעגט די קליינע גוטשע גיין מיטן צוזאַמענגעלייגטן בענקל, אויף וועלכן די „טאַנטע" פלעגט זיך זעצן אָפּרוען עטלעכע מאָל דורך דעם קורצן וועג. צווישן די ערשטע ביימער איז געשטאַנען די בודקע, וווּ דוד האָט געהאַלטן די האַמאַקעס; ווי נאָר ער פלעגט דערזען עמיצן פון די דאַטשניקעס אָנקומען, פלעגט ער גלייך אַרויסנעמען דעם האַמאַק מיטן ריכטיקן נאָמען און אויפהענגען אויפן ריכטיקן פּלאַץ. אַ פּלאַץ — וואָס מיינט צוויי געזונטע, דיקע בוימער אויף דער זוניקער זייט מיט אַ ביסעלע שאָטן — איז אויסגעקליבן געוואָרן ביים אָנקומען אָנפאַנג זומער און דאָס איז פאַרבליבן ביזן אַוועקפאָרן, אַזוי ווי להבדיל אַ „שטאָט" אין בית־מדרש. מיר זענען תמיד געווען פון די ערשטע דאַטשניקעס און ־אַלע נאָך אונדז פלעגט מען שוין מודיע זיין, אַז דאָס איז באַבקעס פּלאַץ.

באַלעבאַטים פון שטעטל פלעגן געניסן, הנאה האָבן פון וואַלד בלויז אין די שבתדיקע נאָכמיטיקן. דעמאָלט פלעגט די זיסע שטילע לופט אָנגעפילט ווערן חוץ מיט וואָכעדיקע הוסטעלעך, אויך מיט אַ געזונטן כראָפּ, אַ בלאָז, אַ פּייף פון די מידע נפשות, אויסגעצויגענע אונטער די ביימער אויף די גרינע נאָדלען, מיט

ארויסגעשטאַרצטע וואָרצלען צוקאָפּנס. פון צייט צו צייט פלעגט א האַרט, גרין שישקעלע פון שפּיץ צווייג זיך שפּילעוודיק אראָפּגליטשן, א פּיק טאָן פאַר דער נאָז אָדער פאַר אַן אויער און איבעררייסן דעם כראָפּ; א פאַרשלאָפענע האַנט פלעגט א גלעט טאָן דעם אָנגעפּיקטן אבר, ווי מען שאַרט אָפּ א פליג. קינדער פלעגן לאַכן שטיל אין די פויסטלעך און אָפּטמאָל פּרובירן צעווינגן א צווייג, בכדי נאָך א שישקעלע זאָל אראָפּפאַלן...

אין דער טיף פון דעם אַלטן וואַלד איז ווי א קרוין אויסגעוואַקסן א יונג, פריש וועלדעלע מיט דינע, צאַרטע ביימעלעך, לייכטע, דורכזיכטיקע צווייגעלעך, דורכגעזאַפּט מיט זון. אַריינקוקנדיק אין דער טיף פון דעם וועלדעלע, האָט מען געקענט זען דאָס געוועב פון די דינסטע זיידענע פראַנצויזישע שפּיצן — שאַנטיל, באַפּוצט מיט די פיינסטע פעדערלעך — עספּרי. אהער האָבן געפירט פריש־אויסגעטראָטענע סטעזשקעס דורך וועלכע שטילע טריט פון צניעותדיקע פּאָרלעך



אין מילייטשיצער וואַלד.

האָבן זיך געצויגן צו שבתדיקער רו... דאָ האָט שטענדיק געהערשט אַ הייסע שטילקייט וואָס פּלעגט אין שבתדיקע נאָכמיטיקס אָנגעפילט ווערן מיט אַ שעפּ־טשען און פאַרהאַלטענעם אָטעם פון קוים־קוים באַוועגלעכע ליפּן; דאָס האָט דין באַוועגט די לופט, זיך צעגאָסן אין די גלידער, גענאָגט ביים האַרץ און אָנגע־פולט דאָס גאַנצע וועזן מיט אַ זיסער מידקייט וואָס האָט געצויגן צו דער ערד...

ניט קוקנדיק אויף דעם ווי זיכער און באַשיצט מען האָט זיך געפילט אין דעם אַלטן וואַלד, האָט קינדער כישופדיק געצויגן דאָס יונגע וועלדל. ניט איין מאָל, שוין אין דער היים, אין פּראָסטיקע ווינטער־טעג, פלעגן מיינע חלומות אַריי־בערטראָגן מיך צוריק צו דעם וועלדל, פאַרשמעקן די לופט אַרום מיר מיט יונגער סאָסנעלע און אָנפילן מיך מיט אַ נאָגנדיקער בענקשאַפט... אין מילייטשיץ, אָבער, פלעגן יעדן ווינטער אַנדערע שטעטלשע העלדן אַוועק איבערן ים, פאַר־טראָגן מיט זיך די ערשטע ליבשאַפט פון דער שטעטלשער צנועה און די כוואַ־ליעס הינטער זיי פלעגן פאַרשלינגען די ערשטע הייסע גלוסטונגען... און יעדן ווינטער פלעגן יונגע צאַרטע הענטלעך אַריינגנייען די טיפסטע בענקשאַפטן אין ווייַן־רויטן סאַמעט פאַר מענטעלעך און פּרוכתן. יעשענדיקע ווינטן האָבן צע־ווייעט די פאַרכישופטע מעשהלעך... ווינטערדיקע פרעסט האָבן אויסגעברענט די אומשולדיקע יונגע, שיינע חלומות, און חתונות האָבן זיך יעדן זומער אין מילייטשיץ אָפּגעשפּילט פון שידוכים פון דער פרעמד.

קאַפּיטל 9

# איסלאַנד — מען אַנטדעקט מיך



אָר 1906 — דאָס פון פּאָגראָם, און 1907 דאָס יאָר פון מיין באָבעס טויט, זענען געווען יאָרן פון טרויער. נאָכדעם איז ווידער פאָרגעקומען עפּעס, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַן אויסערגעוויינלעכע שטילקייט אין אונדזער הויז; דאָס איז געווען אַ גרויסער באַנקראָט פון אַ סוחר, פאַר וועלכן מיין פאָטער האָט זשי־רירט. און נאָכדעם האָט דאָס מזל אַ בליק געטאָן — מיין פאָטער האָט געוווּנען אַ לאָטעריע־צעטל, — איך ווייס ניט וויפל, ווייל וועגן דעם האָט מען ניט גע־רעדט. אָבער יענעם זומער איז מיין מוטער געפאָרן קיין רייכענהאַל, אַ קור־פּלאַץ אין דייטשלאַנד, און מיך האָט זי מיטגענומען. אין בערלין זענען מיר אַריינגעפאָרן אין אַ פּענסיאָן. די טעג זענען מיר אַרומגעגאַנגען איבער די גע־שעפטן, טיץ און ווערטהיים, געגעסן אין שיינע רעסטאָראַנען, געטרונקען קאַפע מיט „שלאַגזאַנע" אין פיינע גרויסע קאַפעען, געווען אין מוזייען, געזען באַלזאַ־מירטע קערפּערס, און אין די אָוונטן פלעג איך שטיין אויף אַ הויכן באַלקאָן און פון דאָרט האָב איך צום ערשטן מאָל געזען אַזוי פיל ליכט און אַזוי פיל מענטשן!

פון בערלין זענען מיר געפאָרן קיין רייכענהאַל; דאָ איז געווען שטיל און שיין. די זון האָט מילד געוואַרעמט, די לופט איז געווען הערלעך. דער פּענסיאָן איז געווען שיין און ריין, אָבער די דייטשע באַלעבאָסטע איז געווען שטרענג און

בייז. צוזאַמען מיטן פּענסיאָן האָט זי געהאַט אַ באַקאַליי־געשעפט. דער מאַן איז אַרומגעפאָרן מיט אַ פאַיעטאָן; יעדן פאַרנאַכט פיר אַזייגער פלעגט ער צופאָרן צו דער קראָם און זי פלעגט אים אַרויסברענגען אַ טאָפּ קאַפע, און וועלכן עס פלעגט שווימען אַ שטיק פּוטער, און צו דעם אַ זעמל מיט אַזוי פיל פעטע שינקע אינמיטן, אַז ער האָט באַדאַרפט עפענען אַ מויל אַזוי גרויס ווי זיין פערד עפנט. איך האָב זיך יעדן טאָג צוגעקוקט מיט דער זעלבער פאַרוווּנדערונג און נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס אַזאַ גרויסער, גראָבער דייטש מיט אַזאַ רויטן, געזונטן קאַרק באַדאַרף שלינגען אַזוי פיל פעטס.

דאָ אין רייכענהאַל האָט מיין מוטער גענומען אַ קור יעדן טאָג און איך פלעג זיך אַרומדרייען אַליין. כ'האָב ליב געהאַט צו גיין איבער די ברייטע גאַסן און שיינע פאַרקן און טראַכטן — וועגן וואָס? ווייס איך אַליין ניט. איינמאָל האָבן געעסט פון אונדזער פּענסיאָן מיך מיטגענומען אין וואַלד אַריין; דאָ האָב איך זיך דערפילט ווי אין מיליטשיצי און האָב זיך צעזונגען אויפן קול. נאָכדעם איז עפּעס אַ מאַן, אַן עלעגאַנטער אין ברילן, געקומען צו מיין מוטער, גערעדט מיט איר וועגן דעם, אַז זי דאַרף מיר געבן אַ מוזיקאַלישע בילדונג. זיין נאָמען איז געווען ערליך. ווען מיר זענען געקומען אַהיים האָט מען אַ סך גערעדט וועגן דעם און מיין חשיבות איז געוואַקסן.

ווען איך האָב פאַר מיין באָבעס טויט אַנטדעקט פאַר איר דעם סוד, אַז איך וויל ווערן אַן אַרטיסטקע, האָט מיך די באָבע אָפּגעבלאָזן. דאַן האָט זי פאַרטרויט דעם סוד צו מיין מוטער, מיין מוטער האָט עס דערציילט מיין ברודער, מיין ברודער צו מיין פאָטער, און דאָס איז געוואָרן די ערשטע גרויסע דראַמע מיינע. חדשים און חדשים לאַנג, ווען אַ חבר פלעגט נאָר אַריינקומען צו מיין ברודער, פלעגט ער שטענדיק זאָגן: „דו ווייסט, מיין שוועסטער וויל ווערן אַן אַרטיסטקע, — קוק אויף איר — אַן אַרטיסטקע!...", און דעם אמת געזאָגט, איז טאַקע ניט געווען אויף וואָס צו קוקן. אָבער איצט, אַז מיין מוטער האָט געבראַכט די מיינונג פון ערליכן — פון דאָקטאָר ערליך און אַזש פון אויסלאַנד, האָט מען מיך דערזען — דערזען און אָנגעהויבן זען... ערשט איצט האָט מען זיך דערמאָנט, אַז נאָך אין דער ערשטער שולע ביי געווירצן האָט מיין ערשטער געזאַנג־לערער בערמאַן אָפּגעשטעלט מיין פאָטער אין גאַס און געזאָגט צו אים: „פּאַניע גראָבער, אייער קליינע וואַקסט עפּעס און איר דאַרפט אויף איר אַכטונג געבן...", און ערשט איצט האָט מען אָנגעהויבן טראַכטן, אַז דאָס אַרומלויפן איבער די וועלדער מיט דער גיטאַרע אין די הענט און דאָס זינגען פאַר דער זון און פאַר

דער לבנה איז עפּעס אַ דראַנג אַזאַ... איז מען שוין אין דער פֿאַנטאַזיע אַוועק אַזוי ווייט, אַז ווען כ'וועל ענדיקן די גימנאַזיע, וועט מען מיך שיקן אין וואַר־שעווער קאָנסערוואַטאָריע, אָבער בלויז בכדי איך זאָל, נאָכדעם ווי כ'וועל חתונה האָבן, קענען אַמוזירן מיינע געסט... וועגן טעאַטער אַלס אַ פּראָפעסיע איז גאָר־ניט געווען וואָס צו טראַכטן.

נאָך מיין באָבעס טויט בין איך פּלוצלינג „אויסגעוואַקסן פֿון די קינ־דערשע שיכלעך”. באַלד נאָך דעם זומער האָט אָנגעהויבן צו קומען מיין פֿעטער קלמן דריי מאָל אַ וואָך און מיך לערנען לשון־קודש, — יידיש האָט מען דאָך ניט באַדאַרפֿט לערנען, דאָס קומט דאָך שוין פֿון זיך אַליין... אָבער לשון־קודש איז סיי הייליק, סיי אַ שפּראַך וואָס ניט אַלע מיידלעך קענען... און ס'איז שיין, אַז אַ מיידל שרייבט זיך דורך אַמאָל מיט אַ חתן און קען אַריינוואַרפֿן עטלעכע העברעישע ווערטער. וועגן לערנען פֿאַר תּכלית האָט מען דאַן ניט געקלערט; איך ווייס ניט פֿאַרוואָס — מיינע עלטערן זענען דאָך שוין געווען מאָדערנע מענטשן, — אָבער אַזוי איז עס געווען. אפשר איז עס געווען דערפֿאַר, וואָס איך בין גע־ווען אַ שוואַכע און אפשר דערפֿאַר, ווייל איך בין געווען בלויז אַ „חנעוודיקע”. מען האָט אַלץ געטאָן אין טערמינען פֿון קענען טאָן אַ גוטן שידוך...

נאָך דעם ווי מיין פֿאָטער האָט געוווּנען די לאָטעריע, האָבן מיינע עלטערן באַשלאָסן צו פֿאַרקויפֿן אונדזער דריישטאָקיקע מויער און זיך אַריינציִען אין שטאָט; קינדער וואַקסן און מען באַדאַרף האָבן אַ „בעסערע געזעלשאַפֿט”. ווי יונג איך בין געווען, האָב איך שוין דאַן ניט געקענט פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס מען דאַרף אַ בעסערע געזעלשאַפֿט ווי למשל די קינדער פֿון שטילן, ערלעכן שוסטער ליבערמאַן — ביידע טעכטער גימנאַזיסטקעס, די בעסטע אין קלאַס, אָדער די קינדער פֿון לערער לעווינסאָן און זיין פֿרוי די קרעמערקע — די עלטערע צוויי מיידלעך, איינע אַ קאָמערסאַנטקע, איינע אַ גימנאַזיסטקע — פֿלייסיקע, שטילע, טייערע קינדער; צי די קינדער פֿון די פֿוריעס, באַשר זיי האָבן געהאַט אַ שענק! אָבער אַלע קינדער האָבן זיך געלערנט, געווען ציוניסטן און טאָקע אין דער בליענ־דיקער יוגנט אַוועק טריקענען זומפּן אין ארץ־ישראל. — איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען און ניט אויפֿגענומען די „בעסערע געזעלשאַפֿט”. מיינע קינדער־פֿריינט זענען פֿאַרבליבן מיינע לעבנס־פֿריינט.

---

די נייע דירה אונדזערע איז געווען אויף פּאָלעוואיא גאַס. די נייע שכנים זענען געווען: די צוקראָוויטשעס פּונקט אַנטקעגן, די לונסקיס אַ ביסל ווייטער, די בירגערס — אויפן אַלטן שאָסיי. די לוינסקיס האָט מען גערופן די „אַמעריקאַנער"; עמיצער פון זיי איז געווען אין אַמעריקע, און איצט זענען זיי אַלע געווען אין ביאַליסטאָק, געהאַט גרויסע פאַבריקן, גרויסע היימען, דינסטן, אָפענע טירן. מענטשן זענען געקומען און געגאַנגען. אין הויז איז תמיד געווען פון כל־טוב, אָבער עפּעס אַ קאַלטקייט האָט געטראָגן פון יענעם הויז, ניט געווען קיין צוזאַמענגעבונדנקייט צווישן דער משפּחה. עפּעס האָט יעדערער געלעבט פאַר זיך און אין זיין אייגן וועלטל.

די בירגערס האָבן געוווינט אין הויז פון אַמבושעס זאַל, אין דער הויך. די דירה איז געווען צו ענג פאַר דער משפּחה און די צימערן האָבן געהאַט משופּעדיקע פענצטער אין דאַך, וואָס האָבן געגעבן זייער ווייניק ליכט. אָבער די שטענדיקע טונקלקייט פון דעם הויז האָט עס צוגעגעבן אַזוי פיל שטימונג, אַזוי פיל וואַרעמקייט, — עס פלעגט מיך ציען אַהין ווי מיט אַ מאַגנעט. די ווענט זענען געווען באַהאַנגען מיט פּלושענע דעקעס, די בעטן פאַרבעט מיט ציכטיקע צודעקן; אויפן טיש, אויפן בופעט און אויף די טישלעך — רייניקע שפּיצענע טישטעכלעך, פאָטאָגראַפיעס, צענדליקער קליינינקייטן, און יעדע איינציקע זאַך פלעגט יעדן טאָג ווערן געשטויבט, גערייניקט, און אַלע פרייטיק פלעגט פון פרי אָן געמאַכט ווערן די „גענעראַלנע טשיסטקע". צו זיין מיט דער משפּחה אַ פרייטיק־צונאַכטס איז געווען פאַר מיר אַן איבערלעבונג. מען פלעגט אָן עפן טאָן די מיר, פלעגט ווערן ליכטיק אין די אויגן און וואַרעם אין אַלע גלידער. ווער ווייסט פון דעם, אַז די זילבערנע לייכטער, וועלכע לויכטן אויפן טיש, ווערן אַלע שבת־צונאַכטס פאַרמשכנט און אַלע פרייטיק פאַר ליכט־בענטשן אויסגעקויפט, און אַז מיר ווייסן, טאָ וועמען גייט עס אָן? אַז אין דער אָרעמקייט איז אַזוי ליכטיק, אַזוי ציכטיק און אַזוי האַרציק!

אַלע גבירים אין אונדזערע שטעט פלעגן תמיד זאָרגן פאַר נדן: די וואָס האָבן געהאַט זין, האָבן געזאָרגט פון וועמען דעם נדן צו באַקומען, און טאַטע־מאַמע פון טעכטער האָבן געזאָרגט ווו דעם נדן צו נעמען... בירגער, דער פּאַדריאַטשיק, און זיין געטרייע פרוי האָבן געזאָרגט זייערע טעכטער אויסצוהאָדעווען, צו קליידן, צו בילדן (אויף וויפל ס'האָט זיך געלאָזן), און איידער זיי פלעגן דערלעבן אויסצוואַקסן, האָט מען זיי שוין אויסגעכאַפּט!... מיט יאָרן שפּעטער, ווען אַלע קינדער האָבן שוין חתונה געהאַט און זיך צעזייט איבער

דער וועלט און די בירגערס זענען געבליבן אליין, הגם שוין אין אן אייגן הויז, האָט מיר די מאַמע בירגער געזאָגט מיט א שמייכל: „בחורים קלאַפּן נאָך איצט אפּט אין טיר און פרעגן, צי איך האָב נאָך עפּעס פון זעלביקן מין". מיין באָבע פלעגט זאָגן: „מען דאַרף ניט זיין רייך, מען דאַרף ניט זיין שיין, מען דאַרף ניט זיין קלוג — מען דאַרף נאָר האָבן חן — אוי חן! חן ביי גאָט און נאָכהער ביי לייטן!".

### קאַפּיטל 10

## אין גימנאַזיע — יאָר 1914

יין אַלגעמיינע בילדונג האָב איך געקראָגן צוערשט בא בישקאָוויטשן און נאָכדעם ביי שטשעגלאָוון אין דער פּראָגימנאַזיע.

ביי שטשעגלאָוון אין גימנאַזיע זענען מיר געווען א „טראָיקע" חברטעם: איך, רחל בירגער און סאָניע שמוקלער. ס'איז געווען נאָך איינע — פּעשקע. אָבער, ערשטנס, איז זי געווען זייער א פּאַסיווע, און צווייטנס, איז זי עפּעס זייער פרי פאַרשוואונדן פון מיין זיכרון. סאָניע איז געווען א מיידל א ברען. זי איז געווען א שיינע, א שוואַרצע, מיט גרויסע שוואַרצע אויגן, און זי האָט געזונגען אַזוי שיין, אַזוי שיין!... און צו דעם איז זי געווען א פריילעך מיידל. ביי זיי איז געווען א רעסטאָראַן אויף ליפּאָווע גאַס. דעם ערשטן רעסטאָראַן זייערן געדענק איך אין א קעלער עפּעס לעבן ליסן פון די שיך און לעבן שוואַרצן פון די מאַשינעס. דער צווייטער רעסטאָראַן איז שוין געווען אין א מויער אַנטקעגן דער צערקווע אויפן צווייטן שטאָק. די טאַטע־מאַמע זענען געווען אַלטע פאַרהאָרעוועטע, שטילע און גוטע מענטשן. די טירן זענען תמיד געווען אָפן און מיר פלעגן באַלעבאַטעווען... מיר ליגט נאָך איצט אין טעם די געבראָטענע קורטשאַקלעך וואָס מיר פלעגן גנבענען פון אייזקאַסטן פּרייטיק שפּעט ביינאַכט... טעם גן־עדן!...

סאָניע און איך זענען געווען די אמתע „שאָלוניעס״ — שטיפּערקעס. אין און פון דער גימנאַזיע פלעגן מיר תמיד גיין צוזאַמען. די וויטסטע איז געווען רחל, פלעגט זי פון שאָסיי אַדורכגיין מיין גאַס און מיר פלעגןביידע דורכגיין סאָניעס ד׳ויז און ו׳י א רוף טאָן. די פרימאָרגנס פלעגן זיין פרייליכע, זאָרגלאָזע פרי־מאָרגנס. מיין שוואכקייט איז געווען צו קלינגען אין די גלעקלעך... איך האָב פון תמיד אָן געהאט אן אויסזען פון „גאָט די נשמה שולדיק״, פלעג איך א קלונג טאָן און הערן ווי די טיר אָדער דאָס טויער עפנט זיך און איך פלעג ממש דער־פילן דעם קוק אויף מיין לאַנגן צאָפּ, וואָס האָט ארויסגערופן גרויס דרך־ארץ... די גרעסטע הנאה האָב איך געהאט צו קלינגען אין גאָרדאָנס טויער — דאָס האָט געהייסן „אָפּגענארט דעם גביר!״

קיין גרויס חשק צום לערנען האָב איך קיינמאָל ניט געהאט; און יעדעס יאָר פאר די עקזאַמענעס פלעגט מען האלטן א רעפּעטיטאָר, וועלכער פלעגט מיך דורכשטופּן פון איין קלאַס צום צווייטן. אָבער מיין חשיבות איז געווען ניט קלע־נער פון די מעדאַליסטקעס, און דאָס איז געווען א דאַנק מיין פעיקייט אונטער־צוהאלטן סיי די לערער, סיי די שילערינס. צייט פאר אונטערהאלטונגען איז געווען גענוג; אין דער גרויסער פּויזע — א האלבע שעה — פלעגט מען זינגען רוסי־שע ראָמאַנסן. ווען א לערער פלעגט ווערן קראַנק און ניט קומען, פלעגט מען אימיטירן. און וועמען צו אימיטירן האָט ניט געפעלט. געווען ביי אונדז א היס־טאָריקער לאַנג ווי א לאָקש; געווען ביי אונדז א קלאַס־דאַמע קליין און קיילעכ־דיק ווי א קניידל; געווען א לערער מיט א קול פון א זשאַבע. די בעסטע פאַר־ווײַלונג פלעגט אָבער זיין אין די שעהן פון „זאַקאָן״; אין די שעהן פלעגט מען שרייבן ליבע־בריוו, און די ליבעס־קאָרעספּאָנדענץ מיט די גימנאַזיסטן פון דער שולע אַנטקעגן אונדזערער איז אָנגעגאַנגען רעגלמעסיק.

די ערשטע יונגע אינסטינקטן זענען אכזריותדיק איבערגעריסן געוואָרן מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די דערשיטערנדיקע נייס האָט אונדז דערגרייכט אין מיליטשיצי. איך בין אַרוים אין יענעם הייסן זומער־פרימאָרגן פונעם יונגן וועלדל זינגענדיק אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון מיין גיטאַרע און ביז שטיין געבליבן אין אַלטן גרויסן וואַלד אין וועלכן עס האָט שטיל געראַשט א טרויעריקע פּוסטקייט. „ווו זענען אַלע דאַטשניקעס?״ — איך בין אין איין אָטעם דערלאָפן ביזן שטעטל. אויפן תמיד רוישיקן מארק זענען געשטאַנען פאַר־זאמלט אַלע יידן און קריסטן פונעם שטעטעלע און א שטילער טרויער האָט אראָפּ־געווייַנט פון זייערע פּנימער. יענעם פרימאָרגן האָב איך אויסגעזוגען מיין לעצט

זאַרגלאָז ליד אין די מיליטשיצער וועלדער; אין יענעם זומער האָב איך זיך אויף אייביק געזעגנט מיט „מיין שטעטעלע מיליטשיצי". דאָס מאָל איז די רייזע אונ־דזערע איבער די שמאָלע וועגן צו דער סטאַנציע קלעשטשעל געווען באַלאַגערט מיט אָבאָזן, סאָלדאַטן — אַרטילעריע און פּיעכאָטע. — ניט מער די פרידלעכע רייזע. גאַנץ רוסלאַנד האָט מאַרשירט! די סטאַנציע ביאַליסטאָק איז געווען באַ־לאַגערט מיט ציווילע און מיליטער. איין גרויס געוויין האָט פאַרהילכט אַלע גלאָקן פון קאָנדוקטאָרן און אַלע פייפן פון די פּאַראַוואָזן. אונדזער הויז איז אויך פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טרויער: — מיין איינציקער ברודער האָט געדינט אין דער אַרמיי.

דאָס שול־יאָר האָט זיך אָנגעהויבן, אָבער די באָמבאַרדירונגען פון דער לופט האָבן אָפט ניט דערלויבט אַרויסצוגיין פון הויז. אַזוי אַרום האָט מען באַשלאָסן אַרויסצופאָרן פון ביאַליסטאָק, ווייטער פון דער דייטשער גרענעץ און ווייטער פון דער סכנה. זענען מיר אַריינגעפאָרן אין אַ קליין שטעטעלע טימקאָוויצי, צו אַ סוחר פון מיין פאָטער — פרוי און הער סאַדאָווסקי. זיי האָבן אונדז האַרציק אויפגע־נומען און מיר האָבן מיט דאַנקבאַרקייט געטיילט מיט זיי יעדן טאָג דעם טשאָלנט פון דער הרובע. דאָרט זענען מיר אָפּגעווען עטלעכע וואָכן בלויז און מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אהיים. אָבער אין פרילינג 1915 האָט זיך די מלחמה צעפלאַ־קערט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתע פאַרניכטונג פון אונדזער שטאָט.



חיהלע גראָבבער אין די מיליטשיצער וועלדער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתע עוואַקואַציע פון דער ציווילער באַפעלקערונג. דאָס מאָל האָבן מיר פאַרלאָזן אונדזער היים און אונדזער ביאַליסטאָק אויף אייביק. צו יענער צייט איז אונדזער פאַמיליע באַשטאַנען פון מײַנע עלטערן, איך און די קליינע גניע — מײַן פעטערס בת־יחידה. מײַן פעטער איז געווען אין אַמעריקע און מײַן מומע טייבעלע מיט אירע צוויי קליינע ייִנגעלעך — געצעלע און הערשעלע — זענען געווען ווי צוגעבונדן צו אונדזער משפחה. זינט מײַן באָבע איז געשטאָרבן איז די מומע טייבעלע געווען די פאַרזאָרגערין פון אונדזער באַלעבאַטישקייט און טיילווייז מײַן אויפֿזעערין. די צעשיידונג פון דער מומען מײַנער איז געווען אַ האַרצרײַסנדע! ניט נאָר מיר זענען אַוועק, נאָר איצט האָט זי זיך אויך געזעגנט מיט איר קליינער גניע; די קליינע איז פון קינדווייז אָן געווען מיט אונדז און נאַטירלעך האָט מען אויך זי איצט אַרויסגענומען פון דער געפאַר. כאָטש מײַן מוטער האָט מיט ביטערע טרערן באַרויקט מײַן מומען, אַז מיר וועלן זיך באַלד צוריקקערן, האָט אָבער אונדזער טייבעלע זיך ניט געקענט באַרויקן, ווייל דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז זי געזעגנט זיך מיט איר ליבסטער, טײַערסטער שוועגערין אויף אייביק. דאָס מאָל זענען מיר אַוועקגעפאָרן קיין פינסק און פון פינסק קיין מינסק, וווּ מיר זענען פאַרבליבן אַ גאַנצן ווינטער.

קאַפּיטל 11

# איך וויל ווערן אַ קראַנקן־שוועסטער — קיין כאַרקאָוו



ין די יאָרן 16-1915 איז די גאַנצע שטאָט מינסק געווען איין גרויסער מיליטער־לאַגער. יעדעס צווייטע הויז אויף דער הויפּטגאַס איז געווען אַ רויטער־קרייץ־פּונקט. דורך טעג און נעכט פלעגן אַבאַזן מיט פאַרוואונדעטע מיליטער־לייט פאַרבלאָקירן די גאַסן. איז ניט קיין וואונדער, וואָס אַלץ אַרום האָט געוועקט צו העלפן און איך בין מיטגעריסן געוואָרן. אַן אויסערגעוויינלעכע אומרויקייט האָט מיך באַהערשט און איך האָב באַשלאָסן צו ווערן אַ קראַנקן־שוועסטער. דערציילן וועגן דעם דער מאַמען וואָלט געמיינט זיך אָנטרעפן אויף אַ ווידערשטאַנד, — מיין מוטער האָט שוין פון לאַנג פאַרלוירן איר שלאָף צוליב מיין ברודער, וועט זי דאָך מיך זיכער ניט אַוועקלאָזן. האָב איך באַשלאָסן צו גיין זיך מעלדן און קומען אַהיים אין אוניפאָרם — וועט דאָך שוין זיין צו שפּעט מיך צוריקצוהאַלטן. אין אַ יעשענדיקן פאַרנאַכט האָב איך זיך ווי אַריינגעגנבעט אין הויז פון רויטן־קרייץ. איך בין געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט אַ הויכן, דיקן מאַן אין מיליטערישן אוניפאָרם באַדעקט מיט כל־מיני מעדאַלן. איך האָב זיך ממש דערשראָקן — כ'האָב זיך דערפילט ווי איך זאָל שטיין קעגן קייסער אַליין... ער האָט מיך אויסגעפרעגט ווי אַלט איך בין, וואָס איך קען, און עס האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז ער האָט אַ גלעט געטאָן מיין לאַנגן צאָפּ און געזאָגט: „דאָס דאַרף טאַנצן אַ פּאָל־

קע און ניט דעם טאַנץ פון טויט". איך בין דורכגעפאַלן און בין אַן אנטוישטע געגאַנגען מיט די זייטיקע, טונקעלע גאַסן צוריק אַהיים.

אין דער היים איז אויך געווען טונקל און שטיל. מיין מוטער איז פון אָנהייב קריג אָן געווען שטיל און שווייגנדיק; און וואָס איז געווען צו רעדן: מיין ברו־דער אין דער אַרמיי, מיין פּאָטער אין מאָסקווע. און מינסק ווייקט זיך אין רעגן און זינקט אין בלאָטע. יעדן טאָג קומען אָן אַלץ מער און מער מענטשן — „ביע־זשענצעס"־היימלאָזע, און אַלץ מער און מער ביאַליסטאָקער. אין איין ווינקל פון דעם גרויסן צימער אונדזערן איז געווען דער „סאַלאָן". דאָ פלעגן די ניי־אָנגע־קומענע ביאַליסטאָקער פאַרגיסן טרערן און בעטן ביי גאָט, ער זאָל זיי נאָך צוריק־ברענגען צו זייערע היימען. אין מינסק האָבן מיר געטיילט אונדזער דירה מיט אַ פאַמיליע זאַבלודאָווסקי. מיין מוטער פלעגט זאָגן: „נו, ס'איז ענג, אָבער מיר ווינען מיט די זאַבלודאָווסקיס". די זאַבלודאָווסקיס זענען געווען פון די מיוחסים אין אונדזער ביאַליסטאָק און זיי האָבן אויך געהאַט אַ בת־יחידה שרה — סאַראַ. מיר האָבן שנעל פאַרבונדן קאַנטשאַפט מיט יונגע מיידלעך און ניט גאַנץ יונגע מענער, — די יוגנט איז דאָך אַוועק אין קריג. מיט סאַראַ צוזאַמען האָב איך שוין געקענט קומען אַהיים אַ ביסל שפּעטער. האָבן מיר, ניט געקוקט אויף דעם וואָס דער קריג האָט געבושעוועט, געשאַפן אַ פריילעכע געזעלשאַפט מיט היימישע קאָנ־צערטן.

אין יאָר 1915 בין איך געוואָרן אַ דערוואַקסענע פריילין. סוף ווינטער האָט זיך די דייטשע אַרמיי דערנענטערט צו מינסק און מיר זענען ווידער געלאָפן. דאָס מאָל קיין כאַרקאָוו. די שטרעקע מינסק־כאַרקאָוו פלעגט מען אין נאָרמאַלע צייטן מאַכן אין 36 שעה, אָבער איצט האָט אונדז גענומען 12 טעג ביז מיר האָבן דער־גרייכט כאַרקאָוו. מיר זענען געפאָרן אין וואַגאָנען, אויף וועלכע די אויפשריפטן האָבן געזאָגט „8 פערד אָדער 40 מענטשן", — געווען זענען זיכער אַ סך מער פון דער צאָל. אין די טעג פלעגט די באַן גיין אַזוי, אַז מען פלעגט אַראָפּשפּרינגען, צושפּאַצירן אַ ביסל און צוריק אַרויפשפּרינגען; און אין די נעכט פלעגט מען זיך אָפּשטעלן אין אַ פעלד אָדער אין אַ וואַלד, מען פלעגט מאַכן אַ פייער, קאָכן וואַ־סער אָדער עסן. אַרום פייער פלעגן זיך אַרומזעצן אַלט און יונג; יעדער איי־נער איז געווען פאַרזונקען אין זיינע אייגענע מחשבות. פון דער שטילקייט פלעגט זיך אַרויסרייסן ביי עמיצן אַ פייף, אַ ליד. דאָס ליד פלעגט אָנשטעקן נאָך איינעם און נאָך איינעם. דורכן געזאַנג פלעגט זיך דערטראָגן אַ זיפץ, אַ שטיל געוויין... ווו האָב איך אַמאָל איבערגעלעבט דאָס זעלביקע? אָ, יאָ! אונדזער אַלטע ניאַניע

פלעגט אונדז דערציילן מעשות פון מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין לאַנד, האָבן ניט קיין היים, — מענטשן, וועלכע וואַנדערן תמיד און זייער היים איז אַ פעלד, אַ וואַלד, זיי פלעגן אויך אויסלייגן פייערן. די מענטשן האָבן געהייסן ציגיינער. זיי פלעגן אויך זינגען לידער — אומעטיקע לידער האָבן זיי געזונגען און נאָך אומעטיקערע לידער האָבן מיר געזונגען. מיר זענען פונקט ווי יענע ציגיינער מיט איין אונטערשיד: ווען אַ שטעטל פלעגט דערהערן, אַז ציגיינער זענען דאָ, פלעגן זיי באַהאַלטן די פערד און די קינדער. — מיר האָבן ניט געגנבעט ניט קיין פערד און ניט קיין קינדער.



סאַמואיל אַבראַמאָוויטש שמערקאָוויטש

אין כאַרקאָוו האָבן מיר געוווינט אין אַ פּענסיאָן פון אַ פאַמיליע שמער־קאָוויטש. מיין פאָטער האָט אַריבערגעפירט זיינע געשעפטן קיין מאָסקווע. מאָסקווע

איז געוואָרן דער צענטער פון דער קאָמערץ. מיר האָבן ניט געהאַט דאָס רעכט צו וווינען אין מאָסקווע, — בלויז געשעפטסלייט האָבן געמעגט וווינען דאָרט; האָבן מיר — די מוטער, געניע און איך — זיך באַזעצט אין כאַרקאָוו. דער גאַנ־צער איבערברוך אין אונדזער לעבן האָט שטאַרק פאַרערגערט מיין מוטערס שטענ־דיקן שוואַכן צושטאַנד. די שטאַרקע אוקראַינער היצן האָבן אָפּגעשוואַכט איר האַרץ און פאַרקירצט איר אָטעם. נאָך לאַנגע באַראַטונגען האָט מען באַשלאָסן, מיין מוטער זאָל פאָרן קיין קרים און דאָס מאָל, אָן מיר. די קליינע געניע האָט שוין איין שוליאָר דורכגעלאָזן און איצט מוז מען זי ווידער אַריינגעבן אין דער גימנאַזיע. אין איינעם פון די הייסעסטע אויגוסט־טעג האָבן מיר — איך און די קליינע געניע — געבראַכט מיין מוטער צום וואָקזאַל. מיר זענען געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע, מיין מוטער ביים פענצטער אין באַן. איצט, ווי תמיד אויף דער רייזע קיין מילייטשיצי, איז מיין מוטער געשטאַנען אַ הויכע, אַ שטאָלצע, אַ רויקע, אין אַ פּאָר העלע הענטשקעלעך אויף די הענט און מיט אַ טאַשנטיכל האָט זי געפּאָכעט צו אונדז. די טונקל־ברוינע טיפע אויגן אירע זענען געוואָרן נאָך פולער און רויקער. אַ לייכטער שמייכל האָט זיך צעלייגט אין די ווינקלען פון איר געשלאָסן מויל... די קליינע האָט זיך שטאַרק צוגעדריקט צו מיר און מיר זענען שווייגנדיק אַוועק צו אונדזער צימער.

קאַפּיטל 12

# אַ חלום — בײַ מײַן מוטערס בעט



י וואָכן זענען שנעל אַוועק. איך האָב זיך געגרייט צו דער קאָנסערוואַ־טאָריע, די קליינע צו דער גימנאַזיע. איינמאָל האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פֿון מײַן פֿאָטער, אַז דער סעזאָן איז אַריבער — געשעפֿטן זענען געווען גוט. און אַז ער האָט באַשלאָסן צו פֿאָרן צו דער מאַמען אויף אַ פּאָר וואָכן. ער האָט אָנגעוויזן די דאַטע ווען ער פֿאָרט דורך כּאַרקאָוו און איך זאָל אים באַגעגענען אויף דער באַן. אונדז איז געוואָרן פֿריילעך אויפֿן האַרצן. דעם אָוונט פֿאַר מײַן פֿאָטערס אָנקומען זענען מיר געגאַנגען שלאָפֿן פֿאַר פֿרי, כּדי ניט צו פֿאַרשפּעטיקן צום באַן. איך בין יענע נאַכט אײַנגעשלאָפֿן און כ'האָב געזען אַ חלום — אַ חלום, נאָך וועלכן איר הייבט אָן גלייבן אין דער אומשטערבלעכקייט פֿון אונדזער גייסט:

איך בין געשטאַנען אין מיליטשיצער וואַלד אויף דער זייט פֿון וועג וואָס פֿירט פֿון שטעטל צום וואַלד; אויף דער רעכטער זייט איז געשטאַנען דודס בודקע פֿון די האַמאַקעס. פֿלוצלינג האָט זיך אין דער טיר פֿון דער בודקע באַוויזן מײַן באָבע טויבע־ריווע, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן, שוואַרצן שאַל מיט לאַנגע, שוואַרצע פֿראַנדזן און איר בליק איז געווען גלײַך צום וועג־צו. איך האָב אומגעדרייט מײַן קאָפּ און האָב דערזען מײַן מוטער אין דעם זעלבן שוואַרצן שאַל מיט שוואַרצע פֿראַנדזן, גייענדיק מאַיעסטעטיש דורכן זאַמדיקן באַרג־אַראָפּ. מײַן מוטער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען פֿאַר מיר און איז אַרײַן אין דער בודקע. איך בין צוגעלאָפֿן צו דער בודקע, אַרײַנגעקוקט און דערזען: אַלץ איז שוואַרץ! אַ לאַנגער, שוואַרצער

טיש באַדעקט מיט דעם זעלבן שוואַרצן טוך מיט פראַנדזן און צוויי ברענענדיקע ליכט. אויף דער ערד זענען געשטאַנען צוויי שוואַרצע, לאַנגע קאַסטנס...

איך האָב זיך אַ ריס געטאָן פון שלאָף און גלייך צו צו דער טיר, בכדי צו זען וויפל דער זייגער איז. ווען איך האָב די טיר אָן עפן געטאָן, איז אַ טעלעגראַמע אַרונטערגעפאַלן צו מיינע פיס. מיין האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב ניט געוואַגט זיך איינצובייגן און אויפצוהייבן די טעלעגראַמע. ווען איך האָב ענדלעך יאָ געעפנט די טעלעגראַמע, האָב איך געלייענט: „מאַמאַ פילט זיך בעסער, פּאַפּאַ׳ס קומען ניט נויטיק. חיהלע — אויב זי וויל, זאָל קומען. אייער מאַמאַ". הייסט עס, אַז זי האָט אַרויסגערופן מיין פּאָטער טעלעגראַפיש, ווייל זי איז געוואָרן קראַנק און דאָס איז מיין פּאָטערס רייזע איצט. דער צוג קומט אָן אַכט, ס׳איז איצט זעקס. איך בין געלאָפן צום באַן מיט די גוטע נייס. ווען דער צוג איז אָנגעקומען, איז מיין פּאָטער אַראָפּ, און איך האָב דערזען מיין פּאָטער צום ערשטן מאָל אַן איינגעבויגענעם מיט אַראָפּגעלאָזענע אַקסלען — עפּעס ווי ער וואָלט אַלט געוואָרן דורך נאַכט... איך בין אים אַנטקעגן געלאָפן, פאָכענדיק מיט דער טעלעגראַמע און שמייכלענדיק צופרידן, בכדי אים צו באַווייזן, אַז אַלץ איז גוט. מיין פּאָטער איז מיר אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז און אָנגעהויבן וויינען... — איך פלעג אויך פריער זען מיין פּאָטער וויינענדיק, דאָס פלעגט זיין יעדן ערב יום־כיפור; איידער מען פלעגט גיין צו כל־נדרי, פלעגט מיין פּאָטער יעדעם קינד אַריינרופן אין זיין קאַנטאָרקע, אַרויפלייגן זיינע הענט אויפן קינדס קאָפּ, אָנהייבן בענטשן און דערביי פלעגט ער וויינען — ס׳איז ניט געווען קיין וויינען, ס׳איז געווען אַ מין סאָפּען, און הייסע טרערן האָבן זיך געגאָסן אויף מיין קעפּל. איך פלעג שטענדיק וויינען ווען כ׳פלעג זיך דערמאָנען וועגן דעם... און איצט האָט מיין פּאָטער פּונקט אַזוי געוויינט, נאָר אָנשטאָט מיך צו בענטשן, האָט ער ווי געזוכט שוץ ביי מיר. איך האָב זיך געבעטן ביי מיין פּאָטער, ער זאָל מיר איבערגעבן זיין פּלאַץ אויפן באַן און איך וועל פאָרן אָט אַזוי ווי איך שטיי און גיי. מיין פּאָטער האָט ניט איינגעשטימט מיט מיר און ער איז אַוועקגעפאָרן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז מיין פּאָטער צוריקגעקומען צו אונדז אַ פריילעכער, אַ רויקער: מיין מוטער האָט זיך דערפילט שלעכט און האָט זיך דערשראָקן פאַר דער איינזאַמקייט, האָט זי אַרויסגערופן מיין פּאָטער, אָבער איצט איז אַלץ ווידער גוט; ער פאָרט צוריק קיין מאָסקווע און אויף די יום־טובים וועלן מיר אַלע דריי פאָרן קיין קרים. מיין פּאָטער איז אַוועקגעפאָרן און איך האָב ניט געפונען קיין רו, ביז איך האָב מיט גרויס שוועריקייט באַקומען אַ פּלאַץ אויפן באַן און כ׳בין אַוועק צו מיין מוטער.

איך האָב טעלעגראַפירט צו איר שוין פון וועג און האָב זי געטראָפן אַן אָנ־געטאָנענע, האַלב זיצנדיק אויפן בעט. איך בין צוגעלאָפן צו איר, אַריינגעפאַלן אין אירע אָרעמס... זי האָט געקושט מיין קאָפּ, מיינע אַקסלען, מיינע הענט; איך האָב קיינמאָל ניט געפילט מיין מוטער אַזוי היים ווי איצט. איצט האָב איך צום ערשטן מאָל געפונען מיין אמתע מאַמע! מיין פרייד האָט זיך אָבער שנעל געענ־דיקט; מיין מוטער איז אַריין צוריק אין בעט, — זי האָט זיך בלויז אָנגעטאָן כדי מיך ניט צו דערשרעקן, אָבער זי קען שוין פון בעט מער ניט אַרונטערגיין. צען טעג האָב איך פאַרבראַכט מיט מיין מוטער — צען אומרויקע טעג און שלאָפלאָזע נעכט. ערב ראש השנה האָט זי אָנגעשריבן פּאָסט־קאַרטלעך צום פאָ־טער און צו פריינט. דעם פאַרנאַכט האָב איך נאָך פאַר איר געזונגען אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון אַ מאַנדאָלינע און זי האָט אַ ביסעלע צוגעברומט. דעם צווייטן טאָג ראש השנה אין דער פרי האָט זי געבעטן איך זאָל רופן אונדזער אָנקל שאַ־טיאַ, וואָס האָט דאַן אויך געוווינט אין אַלושטאַ. איינס ביי טאָג האָב איך דערזען, אַז זי פילט זיך זייער שלעכט. איך האָב זיך אָוועקגעלייגט אין דער ברייט אויף די קישנס און האָב זי אָנגעשפּאַרט אויף מיין ברוסט. די פענצטער זענען געווען אָפן צום שוואַרצן ים. איך האָב זיך פאַרקוקט אין די טיפענישן פון די בלוי־גרינע וואַסערן און טרערן זענען אומבאַוווסטזיניק געפלאָסן פון מיינע אויגן, און אַ הייסע טרער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אויפן שרונט פון מיין מאַמעס יונגן שוואַרצן קאָפּ... אַזוי יונג, צו יונג! נאָך קיין איין גרויע האָר ניט געווען. דער־פילנדיק די הייסע טרער, האָט מיין מוטער אָנגענומען מיין האַנט, וואָס האָט זי אַרומגענומען, צוגעדריקט נאָך פעסטער און דערביי אַ זאָג געטאָן רויק און שטיל: „האַלט זיך, טאָכטער, האַלט זיך". דאָס איז געווען איינס ביי טאָג. ליגנדיק אַזוי מיט מיין מוטער אויפן בעט, האָט זיך פּלוצלינג — ניט וויסנדיק פון וואַנען און ווי אַזוי — באַוויזן אַ מייזל אויף דער שאַפע. וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם בעט; דאָס מייזעלע האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויפן מיטן פון קאַרניז, אַ קוק גע־טאָן אויף אונדז, אַ וויילע רויק שטיין געבליבן און איז שנעל פאַרשווונדן. דאָ האָט מיין מוטער שטיל געזאָגט: „אין דער שאַפע אונטן ליגן ריינע, ווייסע ליי־לעכער". איך האָב ניט פאַרשטאַנען צו וואָס זי האָט עס מיר געזאָגט. פּלוצלינג איז מיין מאַמען געוואָרן שלעכט. איך בין צוגעשפּרונגען צום טיש, אַ נעם גע־טאָן דעם שפּריץ און זיך אומגעדרייט צום בעט, — מיין מוטער האָט זיך געטאָן האַסטיק אַ זעץ אויף, אַ קוק געטאָן אויף מיר, צעעפנט דאָס מויל עפּעס צו זאָגן און איך האָב פּלוצלינג דערזען ווי בלויע בלעמלעך האָבן באַדעקט אירע אויגן... דער ערשטער געדאַנק איז געווען — „מיין מאַמע איז בלינד געוואָרן!" איך ביז צוגעלאָפן, אַריינגעשטעלט דעם שפּריץ, אָבער די פּליפּיקייט איז צוריקגעגאַנגען.

איך האָב דערלאַנגט אַ לייג אונטער מיין לינקע האַנט אונטער מיין מאַמען און האָב געפילט ווי איר קערפּער ווערט אַלץ שווערער און שווערער, ביז איך האָב דערהערט אַ לייכטן קנאַק אין איר האַלדז... איך האָב אינסטינקטיוו אומגע־דרייט מיין האַנט און דערזען אויפן זייגערל צען צו דריי...

עמיצער האָט אַרויסגעצויגן מיין האַנט פון אונטער מיין מאַמעס קערפּער; עמיצער האָט מיך אויפגעהויבן פון מיינע קני און מיך אַראָפּגעפירט אונטן, ווו איך בין אין אָנמאַכט געבליבן ליגן אויף עמיצנס אַ בעט. פּלוצלינג האָב איך דערהערט שווערע טריט איבער מיין קאָפּ; איך האָב געעפנט די אויגן, ס'איז גע־ווען אָוונט. איך בין צוגעלאָפן צום טיר און דערזען ווי מען טראָגט מיין מאַמען פון די טרעפּ אַרונטער. וויפל כ'האָב ניט געבעטן ביי די יידן, זיי זאָלן מיך מיט־נעמען מיט זיך צו יענעם שטיבל, ווו מיין מאַמע וועט פאַרבלייבן די נאַכט, וויפל כ'האָב זיי ניט געזאָגט, אַז איך קען דאַוונען און וויל זיין מיט איר די לעצ־טע נאַכט — ס'האָט ניט געהאָלפן, — איך בין געבליבן אַליין.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָט מיך דוד שאַטיא געפונען אויף אַ באַנק אין פּאַרק פון האָטעל. ער האָט מיך אַרויפגעזעצט אויף אַ פאַיעטאָן און געפירט צום גוטן־אָרט. אויפן וועג בין איך ווידער איינגעזונקען אין אַ שלאָף. איך ווייס ניט, צי איז עס געווען פון היץ, צי פון דעם טרייסל פון פאַיעטאָן, אָבער איך האָב זיך פּלוצלינג ווי אויפגעריסן פון שלאָף און דערזען: מיר זענען געשטאַנען אויף אַ וועג, אויף דער רעכטער זייט איז געשטאַנען אַ בודקע, ווי די בודקע פון דורן אין מיליטשיצער וואַלד, — איך האָב אַ שפּרונג געטאָן פון פאַיעטאָן און צוגע־לאָפן און אַריינגעקוקט אין דער בודקע. אַלץ איז דאָרט געווען שוואַרץ און צוויי שוואַרצע קאַסטנס זענען געשטאַנען אויף דער ערד... אין וועלכן ליגט מיין מאַמע?... איך האָב געחלשט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די רייזע צוריק קיין כאַרקאָוו האָט גענומען צוויי מעת־לעת און דעם גאַנצן וועג האָט איין געדאַנק געענגבערט מיין מח: ווי וועל איך ברענגען צו געניען די טרויעריקע נייס; די קליינע האָט אַזוי געפערלעך ליב געהאַט די מומע און איז געווען אַזוי צוגעבונדן צו איר. אַ פּאָר מינוט נאָך דעם ווי איך בין אריין צו זיך אין צימער, איז די קליינע אַריינגעלאָפן און זי האָט זיך אַ פרייִדיקע אַרויפגעוואָרפן אויף מיין האַלדז. איך האָב זיך רויק באַפרייט פון איר, אַריינגעקוקט אין אירע

גלאַנציקע, גרויסע שוואַרצע אויגן. איך האָב אַכט און פֿערציק שעה געטראַכט ווי אַזוי — און דאָ האָט גענומען אַ סעקונדע אַרויסצורעדן „ניטאָ מער קיין מומע". איך האָב זיך צעלאַכט און אַלץ געזאָגט „ניטאָ מער קיין מומע, ניטאָ, ניטאָ!". די קליינע איז אַריינגעפֿאַלן אין היסטעריע; זי האָט ווילד געשריגן: „חיהלע, חיהלע!" און איך האָב געלאַכט... אַזוי האָב איך רעאַגירט אויף דעם טויט פֿון מיין מוטער. דאָס איינציקע מאָל אין מיין לעבן האָב איך אַזוי רעאַגירט.

פֿון אַלושטאַ, באַלד ווי איך בין צוריקגעקומען פֿון בית־עולם, האָב איך טע־לעגראַפֿירט צו מיין פֿאָטער קיין מאָסקווע: „ניט נויטיק דיין קומען קיין אַלושטאַ איך פֿאָר קיין כאַרקאָוו". איך בין פּלוצלינג אויסגעוואַקסן, געוואָרן זעלבסטשטענ־דיק און געוואָרן אַ מוטער פֿון אַ דערוואַקסן קינד. דעם פֿרימאָרגן ווען מיין פֿאָטער האָט באַדאַרפֿט אָנקומען פֿון מאָסקווע, האָב איך גאַנץ פֿרי געגרייט דעם טיש מיט אַ וויים טישטעך און מיט יעדער קלייניקייט אויפֿן טיש, פּונקט אַזוי ווי מיין מוטער האָט געטאָן נאָך מיין באָבעס טויט. מיין פֿאָטער איז געקומען שוין אַן אויסגעוויינטער, אַ שטילער. אומעגלעך איז געווען צו באַרויקן די קליי־נע גניע. זי איז געווען קראַנק אַ גאַנצע וואָך. נאָך שבעה איז מיין פֿאָטער צו־ריקגעפֿאָרן קיין מאָסקווע און זיין שטילקייט האָט איבערגעלאָזן אַ מין קילע פֿרעמד־קייט. די מוטערלעכע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר דער קליינער האָט זיך ווי אַ שווערע משא אַרויפֿגעלייגט אויף מיינע שמאָלע פּלייצעס.

## קאַפּיטל 13

# די שמערקאָוויטשעס — פרילינג 1917



אָס גרויסע צימער אין דעם פּענסיאָן פון דער פאַמיליע שמערקאָוויטש האָט נאָך מיין מוטער אויסגעקליבן: ערשטנס, דערפאַר וואָס דאָרט אַנטקעגנאיבער די שמערקאָוויטשעס האָט געוווינט מיין פאָטערס קוזינע מאַניע שאטיא, און צווייטנס, דערפאַר ווייל די טאָכטער פון די שמערקאָוויטשעס — בערטאָטשקאַ, איז געווען אַ פּיאַניסטין שוין אויפן לעצטן קורס פון קאָמפּאָזיציע און איך האָב מיט איר געקענט אָנהייבן מיין צוגרייטונג צו דער קאָנסערוואַטאָריע. חוץ דעם פּענסיאָן, האָבן זיי אויך געהאַט אַ טיפּאָגראַפיע — אַ דרוקעריי, ווו אי די פרוי און אי דער ה׳ שמערקאָוויטש האָבן געאַרבעט פון זיבן פרי ביז זיבן אָוונט. דאָ האָט יעדער איינער געאַרבעט: דער עלטערער זון איז געווען אַ דאָקטאָר אין דער אַרמיי, דער יינגערער — אַ וועטערינאַר, די עלטערע טאָכטער ראָזאַ — אַן אַדוואָקאַט.

ראָזאַ האָט פאַרמאָגט די וויכקייט פון פאָטער און די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער מוטער. פון זינט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן האָט זי זיך אַריינגע־וואָרפן אין דער אַרבעט פאַר פליכטלינגע. אין יענער צייט זענען געווען אַ סך „דאַמען־פּאַטראָנעסן”. זיי זענען געווען פאָרמעלע, קאַלטע באַזוכערינס פון שפּי־טעלער, פליכטלינגס־פּונקטן, און דאָס גרעסטע וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן איז

געווען: צעטיילן שאָקאָלאַד אָדער בלומען... ראָזא שמערקאָוויטש האָט אָבער געטיילט זיך! יעדן טאָג פלעגט זי מיטברענגען אהיים זאָרג און טרערן.

אין איינעם א טאָג איז ראָזא געקומען צו מיר מיט א ביטע: אַזוי ווי דאָס הויז איז פול מיט סטודענטן זאָל איך אַריינגעמען צו מיר אין צימער א יידישע פּאַטעסין, וועלכע ליגט נאָך אַלץ אין שפּיטאָל נאָך אַן אָפּעראַציע.

ראָזא האָט גערעדט וועגן איר מיט אַזא טיפן געפיל, אַז איך האָב אָנגענו־מען דעם פאָרשלאָג.

איך וועל תמיד געדענקען, ווי ראָזא האָט, ממש אויף די הענט, אַריינגע־פירט צו מיר א צאַרט מיידל מיט לאַנגע, בלאָנדע לאָקן און מיט א פּאָר גרויסע, אָפענע, הימל־בלויע אויגן.

דאָס איז געווען די פּאַטעסין יודיקאַ, וועלכע וווינט איצט אין קאַנאַדע.

עס זענען שוין אַוועק א סך יאָרן און אויך אָט די ראָזא איז שוין נישטאָ. אָבער פאַר מיר און אויך פאַר יודיקאַ איז ראָזא פאַרבליבן א לעבעדיק, ליכטיק געשטאַלט.

אַלע זונטיק פלעגט זיך די משפחה און א סך געסט צונויפקומען צו מיטיק און ס׳פלעגט ווערן טומלדיק און פריילעך. דאָס מיטיק פלעגט דויערן אַ צוויי־דריי שעה, און נאָך מיטיק פלעגט מען עפענען די טירן צום גרויסן גאַסט־צימער, ווו ס׳איז געשטאַנען דער קאָנצערט־קלאַוויר, און דאָ פלעגט זיך אָנהייבן דער אומפאָרמעלער, אָבער שוין פּראָפעסיאָנעלער קאָנצערט.

די פרוי שמערקאָוויטש האָט אַלץ און אַלעמען געהאַלטן אין אירע הענט; זי האָט געטראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער פיזישער, גייסטיקער און מאָראַ־לישער דערציונג ניט נאָר פון אירע אייגענע קינדער, נאָר אויך פון די סטודענטן און קורסיסטקעס, וועלכע די עלטערן פון קלענערע אוקראַינער שטעט האָבן אָנ־פאַרטרויט דער פרוי שמערקאָוויטש. פון דעם טאָג ווען איך בין צוריקגעקומען פון קרים, בין איך אויך, ניט פילנדיק ווי אַזוי, אַריין אין איר רשות; די גאַנצע פאַמיליע האָט מיך אַריינגענומען ווי אַן אייגענע. א דאַנק דער טיפּאָגראַפיע און דער קאָנסערוואַטאָריע האָבן זיי געהאַט תמיד פרייע בילעטן אין טעאַטער און צו

קאָנצערטן און איך בין געווען די ערשטע צו באַקומען די בילעטן. מיט בער־טאָטשקאָן, מיין לערערין, זענען מיר געוואָרן גאָר אינטימע פריינט.

מיין יאָר זיין אין כּאַרקאָוו איז געווען דאָס יאָר פון טרויער נאָך מיין מוטער, דער איבערברוך אין מיין גאַנצן לעבן און אויך דער איבערברוך אין דער רוסי־שער געשיכטע. אין דעם יאָר אין כּאַרקאָוו האָב איך זיך באַקענט מיט איינזאַם־קייט, מיט עלנט, מיט אומבאַהאָלפנקייט. אונדזער היים אין ביאַליסטאָק איז גע־ווען אַ קליינבירגערלעכע היים און אַרבעטן האָט ניט געפּאַסט. און איך האָב זיך געפילט פאַרלוירן בלויז פון דעם, וואָס איך האָב ניט געוווסט צו וואָס זיך צו נעמען. צו יענער צייט האָב איך נאָך ניט געוווסט פון דאגות־פּרנסה; אָבער מיין פאָטערס שוויגן פאַר זיין אָפּפאָרן און אַ צווייטער חלום וואָס כ׳האָב געזען, האָבן אויפגעוועקט אין מיר די אומרויקייט און די מורא פאַר דער צוקונפט.

מיין צווייטער חלום איז געווען פאַרבונדן מיט מיין היים נאָך אין 1914: אין יאָר 1914, נאָך דעם אויסברוך פון קריג איז צו אונדז אַהיים געקומען אַ פרוי — אַ סוחרטע פון בריסק. אַמאָל פלעגט דער מאַן אירער קומען נאָך סחורות קיין ביאַליסטאָק, אָבער נאָך זיין טויט האָט די פרוי אָנגעהויבן פירן די געשעפטן. ביי אונדז האָט זיך געפירט אַזוי, אַז סוחרים פלעגן פאַרפאָרן גלייך צו אונדז; די דירה איז געווען אַ גרויסע, דער טיש אַ ברייטער און טירן אָפענע, פּונקט ווי ביי דער באָבען. אין אַלע צימערן זענען שוין געווען „ביעזשענצעס", וועלכע מע האָט עוואַקוירט פון די שטעטלעך נאָענט צו דער דייטשער גרענעץ און צום פראָנט, איז די פרוי פון בריסק געשלאָפן אין איין צימער מיט מיר. איצט, מיט צוויי יאָר שפּעטער, האָב איך געזען אין חלום דאָס זעלבע צימער און די פרוי אַנטקעגן מיר, האַלב נאַקעט, שמייכלענדיק צו מיין פאָטער. פון יענער נאַכט אָן איז מיין אומ־רויקייט געוואַקסן. איך האָב פאַרלאָרן מיין שלאָף.

סטאַניסלאַווסקי האָט געזאָגט: „טראַגעדיע גרענעצט זיך מיט קאָמעדיע", — דערביי פלעגט ער אָנצייכענען פון איין זייט אַ קווערע ליניע — די ליניע פון טראַגעדיע — און פון דער צווייטער זייט האָט ער אָנגעהויבן די ליניע פון קאָמע־דיע און האָט זי צוגעפירט צום פּונקט, ווו ביידע ליניעס האָבן זיך צוזאַמענגעג־נאָסן. ווי די גאַנצע טעאָריע פון סטאַניסלאַווסקין איז געבויט אויף דערפאַרונגען און באַאָבאַכטונגען פון לעבן און פון דער מענטשלעכער נאַטור, אַזוי איז אויך די באַהויפּטונג זיינע. אין מיינע שלאָפלאָזע נעכט האָט זיך ניט איינמאָל מיין טראַגישע ליניע צוזאַמענגעשטויסן מיט קאָמישע עפּיזאָדן פון דעם לעבן אַרום

מיר. עס האָט זיך זייער שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון דער כאַראַקטעריסטישער שלאָף פון יעדן איינעם פון די שמערקאָוויטשעס, און ס'איז ביי מיר דאַן געבוירן געוואָרן דער געדאַנק, אַז בלויז פוילע מענטשן שלאָפן רויק, — ענערגישע מענטשן גייען אין שלאָף ווידער דורך דעם פּראָצעס פון זייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט.

דער הער שמערקאָוויטש, וועלכער האָט דעם גאַנצן טאָג פאַרבראַכט אין דער דרוקעריי, האָט געכראָפּעט פּונקט אין ריטם פון דער מאַשין: אָטעם אַריין — אַ כראָפּ, אָטעם אַרויס — אַ פּאָף: כראָפּ — פּאָפף, כראָפּ — פּאָפף, — איינס־צוויי, איינס־צוויי...

פרוי שמערקאָוויטש — אַ זיכערע און אַ דאָמינירנדע: אָטעם אַריין — אַ טיפער כראָפּ, אָטעם אַרויס — אַ פייף — סאָסטענוטאָ...

דער וועטערינאַר וואָס האָט דעם גאַנצן טאָג פאַרבראַכט מיט די פערד: אַ טי־פער אָטעם אַריין, אַ פערדישער הירזשע אַרויס...

דער דאָקטאָר וואָס איז געקומען אויף אורלויב פון פראָנט: אָטעם אַריין — אַ ציטערדיקער כראָפּ, אָטעם אַרויס — אַ שוידערלעך וויי־געשריי.

בערטאָטשקאַ, וועלכע האָט געלעבט אין דער וועלט פון קלאַנגען, האָט מיט יעדן אָטעם אַריין ווי איינגעזאַפּט דעם ריח פון רויזן, און יעדער אָטעם אַרויס איז געווען ווי אַ מעלאָדישע אימפּראָוויזאַציע... און די גאַנצע סימפאָניע פון דער נאַכט האָט ווי געקלונגען צו מיר: „אַרבעט פאַר זעלבשטענדיקייט, אַרבעט פאַר זעלבשטענדיקייט".

און איך האָב געאַרבעט, זיך געגרייט צו דער קאָנסערוואַטאָריע. די אַפּליקאַ־ציע האָב איך אָנגעגעבן פאַר אויגוסט 1917, ניט געוווּסט נאָך, אַז 1917 וועט זיין דאָס יאָר פון די גרעסטע געשעענישן אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד, — קלאַנגען האָבן זיך יאָ געטראָגן אין דער לופט, אָבער רעדן האָט קיינער ניט גע־וואַגט... אין איינעם אַ טאָג, אָנפאַנג פרילינג, האָט בערטאָטשקאַ געבראַכט פון דער קאָנסערוואַטאָריע אַן אַדרעס פון אַ פרוי — אַ „פּאַרזאָגערין"... „אַלע פּראָפעסאָרן גייען צו איר, זי זאָגט פאַר די רעוואָלוציע"... איך האָב אויסגעטאָן מיין טרויער און בין אַוועק צו איר. איך קען נאָך איצט פילן דעם טערפּקן ריח פון די פאַרשידענע פלאַנצונגען וואָס האָבן פאַרפולט דאָס גרויסע צימער מיט

דער סטעליע איבערן קאָפּ. אַ קליינע, גרוי־האָריקע פיגור מיט אַ הויכער פּלייצע און גרויסע, גרויע, קלוגע אויגן האָט מיך אויפגענומען. אויפן טיש זענען געלעגן קאָרטן און ס׳איז געשטאַנען אַ קרישטאָל־גלאָז. זי האָט אָנגעהויבן: „דו ביסט אין טיפן טרויער נאָך אַ זייער נאָענטן מענטשן... דו שפּילסט אויף אַן אינסטרו־מענט, אָבער קיין קאַריערע וועסטו פון דעם ניט מאַכן. איך זע דיך אויף דער בינע, — אפשר מוזיקאַלישע דראַמע...", דערביי האָט זי אָנגעצייכנט צוויי דאַ־טעס אין וועלכע מיין לעבנס־ליניע וועט זיך ראַדיקאַל „אומבייטן". די ערשטע האָב איך פאַרגעדענקט און ס׳איז פּונקט אַזוי געווען.

נאָך דעם ווי כ׳האָב געזען אין חלום מיין פאָטער מיט דער פרוי פון בריסק, האָב איך אָנגעשריבן צו מיין פריינט יאַשאַ. געשריבן האָבן איך, אַז אויב ס׳איז אמת, אַז מיין פאָטער וועט שוין איצט, בלויז עטלעכע חדשים נאָך מיין מאַמעס טויט, חתונה האָבן, וויל איך מער נישט לעבן... מיטן ערשטן באַן איז יאַשאַ געקומען מיך צו באַרויקן. מיט יאַשאַ ווילִיאַמאָווסקי האָבן מיר זיך באַקענט אין מינסק. ער איז געווען מיין נאָענטסטער פריינט. ניין יאָר איז ער אין רוסלאַנד געשטאַנען ביי מיין זייט און מיך באַשיצט; קיין שום גרויסע דיסטאַנץ האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן צו קומען תמיד צו דער מינוט, ווען איך האָב זיך גענויטיקט אין זיין הילף. איך האָב אים אויפגענומען ווי אַ ברודער און אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז געוואָרן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. ער איז געווען אַ סך עלטער און איך בין געווען צו יונג צו פאַרשטיין, וויפל לײדן די „זעלבסטפאַרשטענד־לעכקייט" האָט אים געבראַכט. איצט אין דער צייט פון אונדזער ברוטאַלער פאַר־ניכטונג, שיק איך צו דיר, יאַשאַ טייערער, מיינע שטילע תפילות פאַר אַ פרייער, פרידלעכער וועלט און פאַר אַ בעסערער מענטשהייט.

אַ קורצע צייט נאָך יאַשאַס וויזיט איז געקומען צופאָרן מיין פאָטער. ער האָט אויסגעזען גוט, געווען רויק און מיט רויקייט האָט ער ביי מיר געפרעגט אַן עצה, מיט וועמען פון די צוויי פרויען, וועלכע מען שלאָגט אים פאָר, זאָל ער חתונה האָבן (איינע פון די צוויי איז די בריסקערין)... ס׳הייסט, פרעגן פרעגט ער, ווייל ער טוט עס דאָך פאַר מיר... איך דאַרף אַ היים און אַזוי ווייטער און ווייטער... — אַ ספּאַזמע האָט פאַרדריקט מיין האַלדז: ניט רעדן, ניט וויינען און ניט אָטעמען אפילו. — און איך האָב אָפּגעשוויגן גאַנצע 24 שעה. נאָך דעם האָב איך איינגעלאַדן מיין פאָטער אין אַ קאַפע־הויז — ווייטער פון הויז־מענטשן, וויי־טער פון דער קליינער געניע, און דאָ, ביי דעם קליינעם שטילן קאַפע־טישל האָט זיך מיין פאָטער צום ערשטן מאָל געטראָפן מיט אַ רייפן מענטשן — זיין גלייכן,

וואָס האָט געפּאָדערט, אַז דער אָנדענק פון איר מוטער זאָל ווערן אָפּגעהיט; בלויז אין אָנדענק פון זייערע איבער 25 יאָר פרידלעך, גליקלעך לעבן, זאָל ער וואַרטן ביז דאָס יאָר וועט אַריבער... — מיין פאָטער איז פון דער לעקציע געווען שטאַרק אומצופרידן, אָבער בייזערן זיך האָט ער ניט געוואַגט. ער איז אַוועקגע־פאָרן פאַרזיכערנדיק מיר, אַז ער וועט וואַרטן; מיין פאָטערס אַ וואָרט איז פון תמיד אָן געווען ביי אונדז הייליק. איצט האָט מיין פאָטער זיין וואָרט געבראָכן! מיין חלום איז אויך דאָס מאָל געוואָרן וואָר!

אין דעם זעלבן פרילינג פון 1917 זענען חלומות פון מיליאָנען מענטשן גע־וואָרן וואָר. די רוסישע ערד איז געווען דורכגעווייקט מיט בלוט: בלוט פון פאָר־גראַמירטע יידן, בלוט פון קעמפער פאַר פרייהייט, בלוט פון אַרבעטער און פויערים, בלוט פון פרידלעכע בירגער — קרבנות פון קריג, — בלוט, בלוט! — און דער בלוטדורשטיקער הערשער האָט געהייסן דאָס „ווייסע פאָטערל” — „צאַר־באַ־מיושקאַ־ביעלי”. אין פרילינג 1917 איז די זון פאַרגאַנגען פאַר דעם בלוטדורש־טיקן הערשער ניקאָלאַי דעם צווייטן און אויפגעגאַנגען פאַר דעם פיל־מיליאָניקן פאַרשקלאַפטן, פאַרפּייניקטן רוסישן פאָלק! די זון־שטראַלן האָבן זיך דורכגע־שניטן ביז צו די ווייטסטע ווינקלען פון פאַרפרוירענעם סיביר; פרייהייט האָט דורכגעבראָכן אַלע פעסטונגען און די רוסישע ערד האָט אָפּגעהילכט מיטן קלאַנג פון אייזערנע קייטן! הענט, געשמידטע אין די קייטן צענדליקער יאָרן, האָבן זיך אויסגעשטרעקט אַרומצונעמען די מאַמע־ערד! די, וועלכע האָבן נאָך נעכטן גע־פּאַטעט מיט זייערע שווערדן, זענען היינט געפאַלן אונטער זיי. פאַבריק־מאַגנאַטן, וואָס זענען ערשט נעכטן געפאָרן אין זייערע קאַרעטעס, האָט מען איצט אַרומגע־שלעפּט איבער די גאַסן אין מיסט־וועגעלעך! קינד און קייט האָבן פאַרפלייצט די גאַסן. פון אונטער דער ערד זענען אויסגעוואַקסן אָרקעסטערס. אויף אַלע ראָגן פון די הויפּטגאַסן האָט מען געשפּילט נייע מאָטיוון, נייעם ריטם פון פרייהייט! פרעמדע מענטשן האָבן זיך געקושט אין די גאַסן און געוויינט פאַר פרייד. איבער נאַכט זענען, ווי שוואָמען, פון דער ערד אויסגעוואַקסן פּלאַטפאָרמעס. אויף איינער פון זיי איז געשטאַנען קערענסקי, ער האָט ווילד געשריגן, העראָיש זשעסטיקו־לירט מיט די הענט. עלעגאַנטע פרויען האָבן היסטעריש אַפּלאָדירט און פאַרוואָרפן אים מיט בלומען. דאָס האָט זיך אָפּגעשפּילט ווי אַ שטיק פּראָווינציעלע אָפּערעטע.

גלייך נאָך דעם האָט זיך באַוויזן אַ פּראָצעסיע פון אַרבעטער אין גרוי און שוואַרץ און אין מיטן דער מאַסע האָט מען געטראָגן אַ פאָטעל מיט אַ פיגור זיצנדיק אין דעם פאָטעל, — אַ פיגור פון אַן אַלטיטשקער אַכציק־יאָריקער פרוי, אַ ביסל געבויגן, אָבער מיט אַ שטאָלצן אויפגעהויבענעם קאָפּ. אירע גרויסע קינ־

זיש־פאַרוואונדערטע אויגן האָבן ווי געפרעגט: ווירקלעכקייט צי טרוים?... די מאַסע אַרום מיר האָט מיך אַריינגעשטופּט אין סיניעלניקאָוו־טעאַטער. דעם פּאַר־טעל האָט מען אַוועקגעשטעלט אויף דער בינע און די הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן זענען פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טויטער שטילקייט. און אַ ווייכע ציטערדיקע שטימע האָט זיך דערטראָגן ווי פון אונטער דער ערד...; זי האָט גערעדט פון פרייהייט, אַרבעט, ברידערלעכקייט און גערעכטיקייט. — דאָס איז געווען די שטי־מע פון ברעשקאָ־ברעשקאָווסקאַיאַ — די באָבע פון דער רוסישער רעוואָלוציע;

איצט זענען אַלע באַריערן צעבראָכן געוואָרן און גאַנץ רוסלאַנד איז אָפן פאַר יידן ווי פאַר קריסטן. טויזנטער, טויזנטער יידן האָבן זיך געצויגן טיפער אין לאַנד. איך האָב פּלוצלינג באַגריפן, אַז אַלע מיינע פּערזענלעכע זאָרגן פאַרשווינדן. עס האָט מיך איצט נישט געאַרט אַפילו דאָס, וואָס איך פאָר קיין מאָסקווע צו מיין פאָטערס נייער היים. איך האָב זיך אַריינגעוואָרפן אין שטראָם פון גרויסע געשיכטלעכע געשעענישן.

מאָסקווע איז געווען די דריטע גרויסע שטאָט, וואָס איך האָב געזען. ביז מאָסקווע האָב איך געזען וואַרשע און בערלין; אָבער דעם איינדרוק האָב איך איצט באַקומען, אַז ד אָ ס איז די ערשטע באמת גרויסע שטאָט. עס איז נישט געווען דאָ דער פרידלעכער ריטם פון 1910 אין בערלין. דאָס לעבן אין מאָסקווע האָט איצט פּולסירט מיט היסטעריע. דער שיק פון די פרויען, די עלעגאַנץ פון די מענער; די עכטע בריליאַנטן אין די שויפענצטער; די סאָבאָל, שענשעליא און גאָרנאָסטאַי; די קאָלירן פון די טעפּיכער און פון אויסגענייטן סאַמעט און זייד; די קאַרעטעס געשפּאַנט מיט פיר און זעקס פערד נאָשפּיץ מיט די קאָלירטע פּאָמ־פּאָנעס באַדעקט — דאָס אַלץ האָט געשווינדלט אין די אויגן. אויף דעם פאָן האָט זיך נאָך בולטער אויסגעקריצט די איינפאַכע, אָפּגעזונדערטע געביידע מיט די צוויי־קליינע, באַשיידענע אָפּישן מיט דער אויפשריפט: „מאָסקווער קונסט־טעאַטער".

מען איז אַריין אין אַ טעאַטער, אָבער מען האָט זיך דערפילט ווי אין אַ קאַטעדראַל. דער עולם דאָ האָט ניט גערעדט — מען האָט זיך געשושקעט מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם. לויטן רעגלאַמענט פון דעם טעאַטער האָט מען ניט גע־טאָרט אַפּלאָדירן ביז דער לעצטער פאָרהאַנג פאַלט. כמעט דריי שעה האָט דער גאַנצער עולם געוואַנדערט צוזאַמען מיט די קינסטלער, — געוואַנדערט, זוכנדיק דעם „בלויען פויגל" פון מאָרים מעטערלינג. ווען דער לעצטער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, האָט מען נאָך מינוטן לאַנג ניט געקענט אַפּלאָדירן... איך בין געבליבן אַ פאַרחלומטע, ביז מיין פריינט יאַשאַ האָט אַ שעפּטשע געטאָן: „מיר

ז׳אַרפן גיין״. מיר זענען אַרויס די לעצטע פונעם טעאַטער. דאָס איז געווען די ערשטע פאָרשטעלונג וואָס כ׳האָב דאָ געזען.

„אַרבעט, גערעכטיקייט, פרייהייט״ — ווען האָב איך געהערט די ווערטער? און צי זענען זיי פאַרשוואונדן אין דער לופט? איז עס לעגענדע אָדער ווירקלעכקייט? ס׳איז איצט אינפלאַציע, פרייזן שטייגן מיט אַ שרעקלעכן אימפעט. מען קויפט, מען פאַרקויפט... טעלעפאָנען און טעלעגראַפן זשומען און קלאַפן: „געקויפט צוקער פאַר טויזנט, מען באַט צוואַנציק טויזנט, זאָל איך פאַרקויפן?״ — „ניין, מען וועט קריגן פערציק טויזנט מאָרגן״. — „דאָס גאַנצע מעל איז קאָנפיסקירט פון דער רעגירונג, דער קאָד פאַר צוקער איז איצט גלאַז!״ — „וועט איר קויפן רייז?״ — „אָבער איך האַנדל מיט וואַטע!״ — „וואָס איז דער אונטערשיד — זיבערע פראָפיטן״... און אַט אַזוי האָבן זיך אַקטיוויטעטן פאַרשפרייט און ציפערן האָבן זיך געהויבן!

צען טויזנט!... צוואַנציק טויזנט!... פופציק טויזנט!... פינף הונדערט טויזנט!... און ס׳איז גאָרנישט צום קריגן! ניט צוקער, ניט ברויט, ניט פוטער, ניט פלייש, — גאָרנישט איז דערגאַנגען צום מאַרק! ס׳איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, ביז עס איז ווידער געקומען צום ערשטן און אַזוי האָט זיך געדרייט דאָס ראָד. די שפעקולאַנטן האָבן אַלץ פאַרכאַפט און ווען ס׳איז שוין נישט געווען מער מיט וואָס צו שפעקולירן, האָט איינער פאָרגעשלאָגן אַ נייע דערפינדונג — צו שפעקולירן מיטן רויך. „אָבער ווי?״ „זייער איינפאַך. זאָל נאָר די רעגירונג היינט איינשטימען צו פאַרקויפן מיר דעם רויך פון מאָסקווע, וועל איך מאָרגן אַנאָנסירן, אַז קיין שום רויך קען זיך ניט באַווייזן פון קיין קוימען, ביז מען וועט ניט אָפּצאָלן קיין שטייער!״ אַ סך טויזנטער מענטשן וואָלטן געצאָלט יעדן פרייז כדי אָפּצושטעלן דעם רויך!... אָבער דאָס לאַנד איז אַלץ מער און מער פאַרכאַפּט געוואָרן פון די פלאַמען, ביז אַלץ איז אַוועק מיטן רויך.

## קאפיטל 14

# נחום צמח — דער גרינדער און גייסטיקער פירער פון דער „הבימה"


ען איך בין נאך געווען אין כארקאוו, איז געקומען מיין ביאליסטאקער פריינט שמעון צמח און האט מיר געזאגט, אז זיין ברודער נחום האט אים געשיקט פון מאסקווע אהער צו ווירקן אויף מיר, איך זאל קומען קיין מאסקווע און זיך אנשליסן אן דער גרופע וואס גייט שאפן א העברעיש טעאטער. נחום צמח האט מיך נאך געדענקט פון די לבנה־נעכט אין ביאליסטאקער וואלד „די גאראד־ניאני", ווען איך פלעג — שטייענדיק אויף אויסגעהאקטע סאסנעס מיט דער גי־טארע אין די הענט — זינגען רוסישע ראמאנסן. איצט, ווען איך בין געקומען קיין מאסקווע, האט ער ווידער געשיקט צו מיר זיין שוועסטער, זי זאל מיר אי־בערגעבן, אז ער וויל מיך זען.

נחום צמח איז געבוירן און דערצויגן געווארן אין ראגאזשיצע. ער איז גע־ווען דער עלטסטער אין דער משפחה, ווו די מערסטע קינדער האבן ניט געדענקט זייער פאטער. זיין מוטער האט געהאפט, אז נחום וועט זיין א רב; אבער ער האט ניט באוויזן צו דערגרייכן די סמיכות הרבנות, ווייל ער האט געמוזט אנ־הויבן פארדינען חיונה פאר דער משפחה. יעדן טאג פלעגט ער שפאנען פון דארף צום שטעטל, ווו ער האט געהאט עטלעכע העברעישע לעקציעס. נאך א קורצער

צייט איז נחום אין זיין „לייכטן" אַנטועכץ, און כמעט אַ באָרוועסער, געקומען קיין ביאַליסטאָק אַנצוהייבן די „גרויס־שטאָטישע" קאַריערע.

יאָרן לאַנג האָט נחום געטאַפּטשעט אויף די טראָטואַרן פון ביאַליסטאָק אויף זיינע אויסגעטראָטענע פּאָדעשווועס און אָפּגעקלאַפּטע אָפּצאַסן, ביז ער האָט רינג נאָך רינג אַריבערגעצויגן זיין פאַמיליען־קייט קיין ביאַליסטאָק. אינעם זיכרון פון יינגסטן ברודער בנימין איז טיף איינגעקריצט זיין ערשטער בליק אויף נחומען אין ביאַליסטאָק, ווי ער האָט געהונקען פון די בלאָטערס אויף זיינע פיס. עס זע־נען דאָ מענטשן, וואָס גייען מיט אַ מין „האָפּ"; איידער דער פוס רירט אָן די ערד, איז ער שוין ווידער אין דער לופט. די מענטשן, דוכט מיר, פילן ניט שטאַרק דעם באָדן אונטער זייערע פיס. פאַראַן מענטשן, וועלכע וויגן זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער — די זענען עפּעס ווי ניט דאָ און ניט דאָרט. נחום צמח איז געווען אַ מענטש וואָס איז תמיד געגאַנגען מיט אַ זיכערן טראָט, מיט זיין גאַנצן געוויכט האַרט צו דער ערד. דעם גאַנצן לעבן איז מיט אים פאַרבליבן — אין זיין גאַנג, אין זיין רעדן, אין זיין באַנעמונג — עפּעס פון דעם דאָרפס־מענטש: ערדישקייט, פּשוטקייט און פּרימיטיווקייט. זיין אַ ביסל־איינגעבויגענער קאָפּ ביים גיין, פלעגט אונטערשטרייכן זיין פולן צוטרוי צו „מאַמע־ערד" און עס האָט ווי אַרויסגעקלונגען: „איך ווייס מיין וועג, איך ווייס מיין וועג"... עס איז געווען אַ שווערער וועג, דער וועג זיינער! עס איז געווען דער וועג פון ראָגאָזשיצע ביז בירת־ארבע. *)

דאָ אין מאָסקווע בין איך געווען איבערראַשט צו טרעפן נחומען אין אַ גרויס שיין צימער אין דער גרויסער וווינונג וואָס די משפּחה האָט פאַרנומען; צו זען אים עלעגאַנט געקליידט. ער האָט מיך אויפגענומען מיט אַ פריידיקער וואַרעמקייט. דאָ אין זיין קאַבינעט האָט ער גערעדט צו מיר פון דער סטודיע וואָס איז שוין אָפּן, וועגן סטאַניסלאַווסקין און וואַכטאַנגאָוון, וועלכע רעזשיסירן דאָרט. ער האָט גערעדט צו מיר וועגן זיין חלום אויפצובויען אַ העברעיש טעאַ־טער; וועגן אינסצעניזירן די ביבל; וועגן גיין קיין ארץ־ישראל, דאָס לאַנד פון וואַנען מיר זענען געקומען, — ער האָט גערעדט שפּרייזנדיק הין און צוריק אי־בערן צימער מיט די הענט פאַרליינגט אויף הינטן, און איך האָב פאַר מיר געזען דעם זעלבן דאָרפס־מענטש פון אַמאָל. נאָך דעם האָט ער פלוצלינג אָפּגעהאַקט און אָנגעהויבן רעדן וועגן זיינע צוויי ברידער, וועלכע פירן גרויסע געשעפטן.

*) בירת־ארבע — דאָס אָרט פון וואַנען עס קומט דער נביא (איז דער דראַמע „יהודי הנצחי" פון דוד פינסקי).

אַ דאַנק זיי, טאַקע, איז איצט די משפּחה אַזוי גוט איינגעאָרדנט. און דאָ האָט צמח צוגעגעבן: — „אָבער וואָס איז די גוטס פון די מיליאָנען? די הויפּטזאַך אין לעבן איז צו שאַפן קולטורעלע ווערטן. און פאַר אונדז יידן — אונדזערע נאַציאָנאַלע ווערטן... פאַרשטייסט, גראָבער, דו וועסט זיין איינע פון די גרינ־דער פון דעם גרעסטן וואונדער פון אונדזער צייט! דאָ אין מאָסקווע, ווו אַ ייד האָט ניט געטאָרט בלייבן מער ווי 24 שעה, דאָ אין דער מאָסקווע וועלן מיר אויפ־בויען אַ העברעיש טעאַטער — און צוליב דעם איז כדאי צו לעבן!".

דאָס האָט גערייצט, סטימולירט און אויפגעוועקט אין מיר מיין נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. נחום האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע איבערצייגונגס־קראַפט. די קראַפט זיינע איז געווען דאָס הויפּט־מיטל צו אַלע זיינע גרויסע דערגרייכונגען; מיט דער קראַפט האָט ער צוגעצויגן די קומענדיקע שוישפּילער; מיט דער קראַפט האָט ער איבערצייגט סטאַניסלאַווסקין און וואַכטאַנגאָוון, אַז ס'איז אַ ספּעציעלע מיסיע זייערע צו העלפן אונדז אויפבויען דאָס נאַציאָנאַלע טעאַטער. און ווען חברים (גראָד זיינע ערשטע, נאָענטסטע חברים) האָבן געבונטעוועט און געקלאַפּט אין טיש און געפּאָדערט, פלעגט פּלוצלינג צמח זיך אויפשטעלן אַ בלייכער, מיט ווייסע ליפּן און ציטערדיקע הענט, — זיין שטימע פלעגט קלינגען טיף און הייזע־ריק, זיין קערפּער פלעגט זיך וויגן פון איין זייט צו אַ צווייטער און זיינע פיבער־האַפט־גליענדיקע אויגן פלעגן אונדז אַלעמען ממש היפּנאָטיזירן. און אַז ער האָט פאַרענדיקט רעדן, פלעגן מיר זיך שוין קלעפּן צו אים אין גרעסטן עקסטאַז, פלעגן מיר זיך טראָגן אויף זיינע פליגלען צו די העכסטע הויכן אַרויף. ער פלעגט אין יענע נעכט אויסוואַקסן פאַר אונדז ווי אַן אמתער נביא און מיר האָבן דאַן ממש געזען ווי עס עפענען זיך פאַר אונדז די טויערן פון ירושלים, ווי אונדזער נביא פירט אונדז אַריין אין דעם נייעם טעמפּל. און דאָ, אויף דער העכסטער הויך פון עקסטאַז פלעגט נחום צמח אויסשרייען: „הכונו, הכונו, הבימה בירושלים...", די אויגן פלעגן דערביי שוין ווערן איבערגעגאָסן, די באַוועגונגען שווער, ווילד... און מיר פלעגן שוין ווי שאָף נאָכפאָלגן אים ביז אָנמאַכט! די וועלכע האָבן מיט־געלעבט מיט אים אַזעלכע נעכט, ווי האָבן זיי עס געקאָנט פאַרגעסן? ווי אַזוי?! גאָר ניט לאַנג האָט מיר נחומס ברודער, בנימין, דערציילט, אַז אַן אַלטער פריינט פון נחומען, נאָך אין קליינעם שטעטל, האָט אויף אים געזאָגט „דער אָדלער אָן פליגל". וואָס פאַר אַ טרעפלעכן פאַרגלייך דער קליינשטעטלדיקער פריינט האָט געמאַכט! אפשר איז פון דעם טאַקע פאַרבליבן ביי נ. צ. דער אויסדרוק: „איר שניידט אונטער מיינע פליגל"... אין ביאַליסטאָק האָבן די פליגל אויף אים אָנגעהויבן וואַקסן און ער האָט אָרגאַניזירט די ערשטע גרופּע „הבימה"; דאָס איז געווען

לאַנג פאַר דער מאָסקווער „הבימה". איך ווייס ניט צופיל וועגן יענער גרופּע און קען אויך ניט קיינעם פון דאַן. איך ווייס אָבער אַז נ. צ. האָט אַרויסגעפירט יענע גרופּע צום ווינער קאָנגרעס, ווו זיי זענען צום ערשטן מאָל אויפגעטראָטן. איך ווייס אויך, אַז זיי האָבן ניט געהאַט קיין הוצאות אויף זייער צוריקרייזע. איך ווייס אויך, אַז נ. צ. האָט געטראָגן אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, — איז ער געקומען צוריק קיין ביאַליסטאָק און פון זיינע לעקציעס האָט ער געשיקט די פאַרבליבענע חברים אויף הוצאות און איינציקווייז האָבן זיי זיך צוריקגעקערט אַהיים.

איך האָב זיך באַקענט מיט נ. צ. אין מיין פריער יוגנט, דאַן ווען די אידעע „טעאַטער" איז נאָך געלעגן אין מיין אונטערבאַוווסטזיין. מיר האָבן זיך באַקענט אין גאָראָדניאַני אין אַ לבנה־נאַכט, ווען איך האָב געגעבן איינעם פון מיינע אימפּראָוויזירטע קאָנצערטן, שטייענדיק אויף אַ בערגל אויסגעהאַקטע סאָסנעס מיט מיין גיטאַרע אין די הענט. אין די שפּעטערע יאָרן, ווען איך האָב שוין גוט געקענט נ. צ., האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָס ער האָט מיך אַזוי גוט פאַרגעדענקט איז ניט אַזוי פיל מיין פאַרדינסט, ווי דאָס, וואָס צמח איז שוין דעמאָלט געווען פאַרכאַפּט פון דער גרויסער אידעע און אַז דאַן האָט שוין יעדע אָנרעגונג געברענט זיין מוח.

דער ערשטער פּרווו צו שאַפן אַ העברעיש טעאַטער איז געמאַכט געוואָרן אין דער צייט פון פּאָגראָמען, און דער צווייטער פּרווו אין 1916, נאָך ביי דער הערשאַפט פון צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן, און דערגרייכט געוואָרן איז ער שוין נאָך דער רעוואָלוציע.

אַזוי שנעל ווי די רויטע אַרמיי איז אַריין אין „קרעמל", האָט זיך גאַנץ מאָסקווע אַ דריי געטאָן ווי אין אַ צעשטורעמטן ווירבל־ווינט. יעדן טאָג זענען אַרויס נייע געזעצן. די ווענט פון די הייזער זענען געווען באַדעקט מיט סימבאָלן פון „אַלט" און „ניי": אַ פעטער מאַן מיט אַ מאָנאָקל — דער סימבאָל פון אַ בורזשוי; אַן אויסגעדאַרטער, אָרעם־געקליידעטער מיט אויסגעשטרעקטע הענט — דער פּראָלעטאַריער; דער בייכיקער פּאָליציאַנט און דער געשמידטער אין קייטן פּראָלעטאַריער; די סאַלאָן־דאַמע מיטן לאָרנעט און די צעשויבערטע דינסט, — אַלץ האָט אַרויסגעשריען: „נידער מיט דער בורזשואַזיע און די מאַכט צו די פּראָלעטאַריער!". פּריוואַטע אונטערנעמונגען זענען גלייך קאָנפיסקירט געוואָרן און נאָכהער אויך פּריוואַט אייגנטום. האַנדל איז פאַרבאָטן געוואָרן. די וועלכע

האָבן אויסגעמיטן דאָס געזעץ, זענען שווער באַשטראָפט געוואָרן. רוסלאַנד האָט זיך ווידער געווייקט אין בלוט: אין איין טייל פון די באַפרייער — די רויטע, און אין אַנדערן טייל — פון די קעמפנדיקע ווייסע. מאָסקווע האָט אויסגעזען ווי איין גרויסע חורבה. געשעפטן פאַרזיגלט, רעסטאָראַנען געשלאָסן, אַלע שימערירנדיקע שויפענצטער פּוסט. דאָ און דאָרט אין אַ פענצטער פון אַ געוועזענער באַקאַליי־קראָם האָט זיך אַ דערשראָקן מייזל אָפּגעשטעלט, דורכגענומען אייך מיט אירע שאַרפע אייגעלעך ווי עס וואָלט זאָגן: „מענטש, איך באַדאַרף דאָך בלויז קריש־קעלעך", אָבער דער מענטש האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ: „מיר זענען איצט זייער נאָענטע פריינט, מיין טייער הונגעריק מייזעלע!".

ס'איז דאָ אַ גלייכווערטל: „עס זינגט זיך אויפן הונגעריקן מאָגן". איצט איז באַשטעטיקט געוואָרן דער שפּרוך. וואָס שטאַרקער ס'איז געוואָרן דער הונגער אין מאָסקווע, אַלץ מער האָט מען זיך געגויטיקט אין טעאַטער און אין מוזיק. טעאַ־טער־שטודיעס זענען ווי שוואָמען געוואַקסן. די הבימה איז געוואָרן איינע פון אַ סך סטודיעס; אָבער די העברעישע שפּראַך האָט אָפּגעקלונגען ווי די שטימע פון אַ נביא, וועלכער רופט פון דער וויסטעניש. זייער שנעל איז אין גאַנץ מאָסקווע באַקאַנט געוואָרן, אַז די קליינע סטודיע אויף ניזשניע קיסלאָווקע נומער 6 ציט צו זיך די גרעסטע שוישפּילער און קינסטלער פון מאָסקווע. און זיי זענען צו־געצויגן געוואָרן ניט אַזוי פון דעם פּערפעקטן שפּילן, ווי פון דעם גוואַלדיקן עקסטאַז וואָס האָט דאָרט געהערשט. די שפּראַך פון דער ביבל האָט צוגע־צויגן די גרעסטע קינסטלער פון יענער צייט, ווי סטאַניסלאַווסקי, וואַכטאַנגאָוו, פיאָדר שאַליאַפּין, מאַקסים גאָרקי. אָבער אין דער זעלבער צייט ווען די הבימה האָט געצויגן אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט פון דער ניט־יידישער קינסטלער־וועלט, האָט די יידישע סעקציע אַנאָנסירט, אַז העברעיש איז אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. אין דער שפּיץ פון דער יידישער סעקציע איז דאַן געשטאַנען דער קליינער, אויסגעדאַרטער, פאַרביטערטער ליטוואַקאָוו. ער האָט געפירט דעם בי־טערסטן קאַמף קעגן דער „הבימה"; ער האָט געפאָדערט מען זאָל אונדז ליק־ווידירן, מען זאָל אונדז אויפלייזן. נ. צ. האָט אָרגאַניזירט אַן עפנטלעכע דיסקו־סיע אין אַ גרויס טעאַטער און די גרעסטע קינסטלער האָבן גערעדט וועגן דעם גרויסן קינסטלערישן ווערט פון דעם קליינעם העברעישן טעאַטער. לונאַטשאַרסקי, דער קאָמיסאַר פון בילדונג און קונסט, האָט אונדז פאַרטיידיקט. נאָך דעם פאַר־ביטערטן יידעלע, דעם גרויסן „אידעאַליסט", האָט מען ניט געקענט איבערצייגן. בלויז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט מען אים אַליין ליקווידירט. אין דעם ביטערן קאַמף האָט נ. צ. ווידער גערירט יעדן איינעם מיט זיין גוואַלדיקן כּוח

און אידעאַליזם, און זיין פּאָפּולאַריטעט איז געוואַקסן. מיט דער פּאָפּולאַריטעט איז אויך געוואַקסן זיין אַמביציע און זיין געפיל פון זעלבסטווירדע. וואָלט געווען נאָך עמיצער אין דער גרופּע, וועלכער וואָלט זיך געקענט פאַרגלייכן מיט אים, וואָלט אפשר ניט געקומען צו דעם טראַגישן ריס; עס זענען אָבער קיין גייסטיק גרויסע פירער ניט געווען און אויך שפּעטער ניט געוואָרן... איך מיין, אַז די גרעסטע טראַגעדיע פון דעם גרויסן מענטשן איז געווען דאָס, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין איין פריינט — קיין איין אמתן פריינט —, וועלכער זאָל אָביעקטיוו, בלויז אין די אינטערעסן פון דער אידעע, קעמפן פאַר אים. יעדער איינער פון זיינע קעגנער האָט געהאַט ריין־פּערזענלעכע אינטערעסן. און אין אַמעריקע, ווו דער ברוך איז פאַרגעקומען, האָט זיך שוין אָנגעהויבן די אַלטע געשיכטע פון אַ „טעאַטער ווי אַלע טעאַטערס".

איין טייל פון „הבימה" איז אַוועק קיין אייראָפּע. צמח איז געבליבן אין אַמע־ריקע מיט בלויז אַ יונגער גרופּע און מיט זיי האָט ער געוואָלט אָנהייבן ווידער בויען, — אָבער גרויסע זאַכן קאָן מען בויען בלויז איין מאָל אין אַ קורץ לעבן, זענען טאַקע זיינע פּרווון דורכגעפאַלן. ביידע גרופּעס פון „הבימה" אויף ביידע זייטן פון אַטלאַנטיק זענען געבליבן מיט בלויז צעבראָכענע טיילן פון די מעכטי־קע פליגל.

אונטער דער משא פון ניט געלונגענע פּרווון האָט זיך דער קאָפּ פון נחום צמחן אַליץ מער געבויגן. דאָס טעאַטער, וואָס ער האָט געבויט פאַר ארץ־ישראל, האָט ער ניט אַריינגעפירט אַהין. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז ער געקומען אין לאַנד פון זיינע טרוימען און דאָ האָט זיך פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל פון „בנים גדלתי ורוממתי והם פשעו בי". — אַן עלנטער, אַ טרויעריקער האָט ער געוואַנ־דערט איבער די גאַסן פון תל־אביב, ווו „זיין" טעאַטער האָט געשפּילט; אַן איינזאַמער איז ער אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד, וועלכן ער האָט געגעבן די שענ־סטע מתנה. — אַ צעבראָכענער איז נ. צ. צוריק געקומען קיין ניו־יאָרק. נאָר איצט איז ער געווען פאַר אונדז דער שאָטן פון צמחן פון אַרעמען קליינעם שטעטל — דער צמח מיט די טיפע טרויעריקע אויגן און שטילע אויסגעטראָטענע פּיס; דער, וועלכער האָט אויף די ברייטע גאַסן פון ניו־יאָרק שווייגנדיק דערשלעפּט זיין קראַנקן גוף און געבראָכענעם גייסט צו דער אייביקער רו.



נחום צמח

דער גרינדער און גייסטיקער פירער פון דער „הבימה".

## קאַפּיטל 15

# מיינע ערשטע טריט אין דער „הבימה“



ס איז געווען דער מיטן ווינטער פון 1917־1918 ווען איך בין אַרויף אויף די טרעפּ פון אַ גרויסער מויער און אַריין אין אַ שמאָלן קאָרידאָר, וועלכער האָט מיך דערפירט צו אַ קליינעם, קאַלטן, ניט־געהייצטן צימער. די קליינע גרופּע מיידלעך און בחורים. וואָס כ'האָב דאָרט געטראָפן, האָבן געמאַכט אַן איינדרוק, ווי זיי וואָלטן אָפּגעהאַלטן אַ פּאָליטישן מיטינג. מען איז געווען ערנסט, גערעדט שטיל און באַטראַכט מיך אַ ביסל פאַרדעכטיק. אַלע זענען מיר געווען פרעמד, חוץ די איינציקע ראַשעל סטאַראָבינייעץ — מיין ביאַליסטאָקערין. איך האָב זיך געפילט אַ ביסל אומבאַקוועם, אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז אַ קורצע ווײַלע; אַ טיר האָט זיך געעפנט פון אַ צווייטן צימער און ס'זענען אַריין נחום צמח און י. ב. וואַכטאַנגאָוו. אַלץ וואָס איז פאַרבליבן מיט מיר פון דער ערשטער באַגעגעניש מיט וואַכטאַנגאָוון איז אַ פּאָר גרויסע אָפענע, בלוי־גרינע אויגן וואָס האָבן אַ שמייכל געטאָן, אַריבער אין אַ לייכטער איראָניע און גלייך געוואָרן ערנסט און שאַרף.

איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צו זיין ביי אַ רעפּעטיציע. לויט די יידישע טעאַטערס וועלכע כ'האָב ביז דאַן געזען, האָב איך דערוואַרט דאָ צו זען אַ האַרצרייסנדע דראַמע; צו הערן שטאַרק־ציטערנדיקע שטימען, צו זען ווי מען

קלאַפּט זיך אין הארצן פון טיפע איבערלעבונגען, ווי מען פאַלט אויף די קני פון גרויסער ליבע. — אָבער אָנשטאָט דעם אַלעם האָב איך געהערט וואכטאַנגאָוון רעדן. ער האָט גערעדט רויק, שטיל, ווייך און פשוט, זיצנדיק ביים טיש. ער האָט גערעדט וועגן דער גרויסער וויכטיקייט פון טעאַטער ביי אַלע פעלקער; ער האָט גערעדט וועגן דעם גרויסן אמת, וועלכן ס'האָט אַנטדעקט ק. ס. סטאַניס־לאַווסקי — דער גרינדער פון מאָסקווער קונסט־טעאַטער. ער האָט געזאָגט, אַז טעאַטער און אַרטיסט דאַרף דערהייבן דאָס פּובליקום; גערעדט וועגן דער גרוי־סער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַרטיסט, וועלכער דאַרף דערציען די יוגנט וואָס קומט אין טעאַטער. דאַן האָט ער גערעדט וועגן די מיטלען מיט וועלכע צו דער־גרייכן עס: דער אַקטיאָר מוז זיך פולשטענדיק ווידמען דער קונסט און ער מוז זיך צוריקציען פון געזעלשאַפט, — קונסט פאָדערט אָפּגעזונדערטקייט. און צום ענדע פון זיין רעדן האָט ער געפאָדערט, אַז יעדער איינער זאָל זיך גוט צוהערן צום רוף פון זיין אייגענעם וועזן, צו זיין גייסט, — און זאָל אויספאָרשן, צי איז ער גרייט אויף די קרבנות וואָס טעאַטער פאָדערט. ער האָט געזאָגט, אַז טעאַטער איז א שווערע ארבעט און זייער אָפּט א שווער לעבן, און פאַרענדיקט האָט ער מיט דעם, אַז טעאַטער איז דער פיינסטער און וויכטיקסטער צווייג פון קונסט...

די נאַכט בין איך ניט געשלאָפן. אַן אומבאַקאַנט געפיל האָט זיך דערוועקט אין מיר, א נאָגנדיקע בענקשאַפט. הייסע טרערן האָבן באַדעקט מיין קישן, און דאַן האָב איך דערפילט א זיסע רו, כ'האָב דערפילט א מאָדנע פרייד, — כ'האָב דערפילט די געבורט פון א ניי לעבן! פון יענער נאַכט אָן האָב איך דורכגעלעבט צען יאָר פון ליידן און פריידן אין מיין איינציקן טעאַטער „הבימה".

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פרייד מאַכט קאַלירפול דאָס לעבן — טרערן באַרייכערן דעם גייסט. איך בין דאַנקבאַר צו גאָט פאַר יעדער טרער וואָס איך האָב אין מיין לעבן פאַרגאָסן. מיין כוס, וואָס איז נאָך ניט פול געווען, האָט זיך איצט אַריבערגעגאָסן. אונדזער פעטער דאַוויד שאַטיא האָט איבערגעגעבן מיין פאָטער די לעצטע ווערטער פון מיין מוטער: „...אָפּהיטן מיין חיהלען!". איר איינציקער מאַן, וועמען זי האָט אָנפאַרטרויט איר גאַנץ לעבן און איצט איר גאַנץ פאַרמעגן, האָט זיך אַרויסגע־וויזן פאַר אומפאַרלאָזלעך. מיין פאָטער, ווי אַלע מאָסקווער סוחרים אין יענער צייט, איז געוואָרן איינער פון די „מיליאָנערן אויפן פּאַפּיר". עס איז פאַרבליבן פאַר מיר אַן אייביקער סוד פאַרוואָס גראָד איצט אין דער צייט פון זיין גרעסטער

„פראָספּעריטי", האָט מיין פאָטער מיר דערקלערט, אַז איך קען פון אים מער גאָרניט דערוואַרטן. ס'איז געווען אין איינעם פון יענע ביטער־פראָסטיקע טעג, בעת מאָסקווע נורעט זיך אין די הויכע קאָלנערס פון שווערע בערן־פעלצן, ווען איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט אין הויז נאָך מיין מוזיק־לעקציע. דאָס הויז איז געווען באַגאָסן מיט ליכט און אָנגעפילט מיט וואַרעמקייט; דער טיש איז געווען געדעקט צו מיטיק. איך האָב אַראָפּגעוואָרפן מיין הוט און מאַנטל און בין אַריין אין עסצימער, ווו מיין פאָטער האָט מיך באַגעגנט מיט זיין דערקלערונג: „היינט וויל איך דיר זאָגן, אַז איך וועל מער ניט צאָלן פאַר דיין שטודיום". איך האָב פאַרלוירן ס'לשון. מיין פאָטער האָט פאַרגעזעצט אַלץ מיט מער שאַרפקייט, ביז ער האָט פאַרענדיקט מיט: „קיין זאַך פון דעם וואָס דו זעסט דאָ, געהערט ניט צו דיר. איך אַרבעט פאַר עמיצן אַנדערש, ניט פאַר דיר ...". איך בין שטיל אַרויס פון צימער, כ'האָב צוריק אָנגעטאָן מיין הוט און מאַנטל, איך בין פאַרביי די קיך, ווו די פרוי פון מיין פאָטער איז געשטאַנען, כ'האָב זיך געטראָפן מיט אַ פּאָר צעשראָקענע אויגן פון דעם 14־יאָריקן עלינקע — דעם זון אירן, איך בין פאַרביי אירן אַ שוואָגער — אַ גאַסט פון דער פּראָווינץ, — קיינער האָט מיר ניט געזאָגט קיין וואָרט, קיינער האָט מיך ניט אָפּגעשטעלט, — איך בין אַרויס פון שטוב. לאַנגזאַם און נאָך לאַנגזאַמער בין איך אַרונטער די טרעפּ. קיינער האָט מיך ניט צוריקגערופן. מיינע פיס האָבן מיך דערטראָגן ביזן לעצטן טרעפּל, — דאָ האָבן זיי זיך אונטערגעבראָכן און איך האָב זיך אַראָפּגעזעצט אין טיפן שניי. אַזוי האָט מיך מיין פריינט יאַשאַ געפונען, מיך אַוועקגעשטעלט אויף די פיס און אַריינגעפירט אין אַ קאַפע־הויז. ער האָט געוואָלט ביי מיר אויסגעפינען וואָס עס איז געשען, אָבער איך האָב בלויז געקענט זאָגן: „איך בין אַרויסגעוואָרפן גע־וואָרן פון הויז וואָס כ'האָב געהאַלטן פאַר מיינס"... יאַשאַ האָט צו מיר גע־רעדט דעם גאַנצן אָוונט, געמאַכט פאַרשידענע פאָרשלאָגן — כ'האָב קיינס נישט אָנגענומען. ווידער האָבן אָנגעהויבן צו קלינגען די ווערטער: „אַרבעט פאַר זעלבשטענדיקייט, אַרבעט פאַר זעלבשטענדיקייט ...", אָבער ווי אַזוי? אַ מערק־ווירדיקער געדאַנק איז צו מיר דאַן געקומען: אַז פאַר אַ יונג מיידל אין אַזאַ צו־שטאַנד איז אַ גליק צו האָבן געירשנט ניט שיינקייט נאָר שכל ... איך האָב זיך אומגעקערט צוריק אַהיים, ווו איך בין געבליבן נאָך אַ יאָר צייט; אָבער מיין פאָטער האָט מיך פאַרלאָרן יענעם אָוונט, און פאַרלאָרן אויף אייביק.

דאָס הויז איז געווען איינגעהילט אין אַ שטילקייט, אין אַזאַ שטילקייט, אין וועלכער נאָר מענטשן מיט אַ ריינעם געוויסן קענען שלאָפן. איך בין אַריין אין מיין צימער און האָב דערהערט אַ ציטערדיק שעפּטשען: „חיהלע, כ'האָב געמיינט,

אַז דו האָסט מיך פאַרלאָזט". מיין קליינע גאַניע איז געווען טויט־צעשראָקן פון מורא, אַז איך וועל שוין ניט צוריקקומען. זי איז געווען די איינציקע וואָס האָט מיך איצט באַדאַרפט און אפשר די איינציקע ביי וועמען איך בין געווען אַזוי טייער. איך האָב קיינמאָל ניט אויסגעפונען וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין מיין פאָטערס הארץ; אָבער איך מיין, אַז מיר האָבן ביידע געהאַט דעם זעלבן פאַר־עקשנטן ווילן און קיינער פון אונדז האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. מיין פאָטער האָט מיך געוואָלט צווינגען צו גיין זיין וועג: חתונה האָבן מיט נדן און אויס־שטייער און פירן אַן „אָנשטענדיק" לעבן. אָבער איך בין געגאַנגען פאָרויס מיט זיכערע טריט צו מיין ציל פון אַרבעט, גערעכטיקייט און פרייהייט דורך קונסט. די ליניע האָב איך אָנגעהאַלטן ביז היינט און מיט דעם וועג וועל איך גיין ביז צום סאַמע סוף!...

דאָס איז געווען איין וועלט מיינע; — די צווייטע וועלט איז געווען די, אין וועלכער די צוויי זיילן פון „הבימה", נחום צמח און יעווגעני וואכטאַנגאָוו, האָבן שטיין אויף שטיין געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם העברעישן טעאַטער — „הבימה", וועלכע האָט, אין איר פאַרענדיקטער פאָרם, פאַרנומען אַ פּלאַץ אין דער געשיכטע און איז פאַראייביקט געוואָרן. „טעאַטער אין דער גאַנצער פאָרם באַשטייט פון אַ שטודיום פון דראַמע, מוזיק, דיקציע, באַוועגונג און מאַניערן", האָט וואכטאַנגאָוו דערקלערט און צוגעגעבן: „פירשט וואָלקאָנסקי לערנט מיטן מאָסקווער קונסט־טעאַטער דיקציע". ס'האָט ניט גענומען לאַנג און דער פירשט — צו יענער צייט שוין רעוואָלוציאָניזירט — איז אַריין אין זיין באַקי־„גאַליפע" מיטן זאַק אויף די פּלייצעס און האָט אָנגעהויבן לערנען מיט אונדז קלאָרע אויס־שפּראַך: — „קיין אות טאָר ניט פאַרלאָרן גיין; יעדע פראַזע האָט איר מעלאָדיע; רעדן איז ניט זינגען, אָבער יעדע רעדע איז מעלאָדיש, — ביי אַלע פעלקער אַנדערש, אָבער ביי אַלע פעלקער מעלאָדיש". און פירשט וואָלקאָנסקי איז געווען אַ מייסטער אויף דעם געביט. און באַלד האָט וואָלקאָנסקי איבערגעגעבן, אַז ס'איז אַראָפּגעקומען פון דער שווייץ אַן אינסטרוקטאָר פון דער באַרימטער דאַלקראָז־שולע, וועלכער לערנט לויט דעם דאַלקראָז־סיסטעם ריטמיק און פּלאַסטיק. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אין דער „הבימה" שוין געאַרבעט אויף באַווע־גונגען מיט דעם אינסטרוקטאָר. מיך האָט מען אַריינגעצויגן אין דער ספּעציעלער דאַלקראָז־סטודיע. אַזוי אַרום האָב איך די טעג געאַרבעט אויף באַוועגונגען און מוזיק, און די נעכט אין דער „הבימה". אין דער ריטמיק־שולע האָב איך געהערט לעקציעס איבער מוזיק פון דאַוויד סאַלאָמאָנאָוויטש שאָר. ד. ס. שאָר איז געווען אַ זייער ליבער מענטש, זייער פּאָפּולער אין מאָסקווע. זיין מוזיק־שולע איז געווען

איינע פון די בעסטע. ער האָט אָנטייל גענומען אין יידישן לעבן. ער איז געווען פון די ערשטע חסידים פון דער „הבימה". אין דער זעלבער צייט האָב איך גענו־מען פּריוואַטע לעקציעס פון געזאַנג ביי דער פּראָפעסאָרין פון דער מאָסקווער פילהאַרמאָניע מאַדאַם זשוקאָווסקאַיאַ. צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעקומען איין לעקציע אַ וואָך מיטן הער סטאַכאָוויטש.

סטאַכאָוויטש איז געווען אַ נאָבלמאַן און ער האָט געלערנט מאַניערן. „איר טרעפט פאַרשידענע כאַראַקטערן אין פאַרשידענע פּיעסן: עס קען אייך אויך אויס־קומען צו שפּילן אַ קעניג און אַ קעניגין און איר מוזט זיך קענען האַלטן אַזוי נאַ־טירלעך קעניגלעך, ווי דאָס זאָל זיין איינגעבאָרן אין אייך". און מיר האָבן חדשים לאַנג פאַרבראַכט די אָנגענעמסטע שעהן מיט דעם רוסישן נאָבלמאַן. דאָ קען איך זיך ניט צוריקהאַלטן פון פאַרצייכענען, אַז סטאַכאָוויטש האָט ניט געקענט אַרויפ־ציען אויף זיין פּלייצע דעם זאַק פון קאַרטאָפל אָדער „קאַפּוסטע" ווי דאָס האָט געטאָן פירשט וואָלקאָנסקי; ער האָט ניט געקענט זיך צופּאַסן צו דעם צושטאַנד פון דערנידערונג, אין וועלכער עס האָט זיך איצט געפונען די רוסישע אַריסטאָ־קראַטיע, און ער האָט זיך אויפגעהאַנגען אין זיין צימער.

ווען מען זאָל וועלן איבערגעבן, אין וואָס ס'איז באַשטאַנען די לערע פון סטאַכאָוויטשן, איז אַמבעסטן צו זאָגן, אַז ער האָט ניט געלערנט וואָס אָדער ווי צו טאָן, נאָר ער האָט געלערנט וואָס און ווי אַזוי ניט צו טאָן. למשל: ניט אָנצו־נעמען אַ גלאָז אָדער אַ לעפל, אָדער וואָס ניט איז, בלויז מיט דריי אָדער פיר פינ־גער און דער פינפטער זאָל אַרויסשטאַרצן ווי אַ סערפּ; ניט זיצן שטייף ווי אַ שטעקן און ניט בייגן זיך ווי אַ צווייג אין אַ ווינט; ניט זוכן קיין פּאָזע, נאָר מאַכן זיך באַקוועם; ניט אַרומפאָרן מיט די הענט איבער די לאַצן, איבער דעם קראַוואַט, איבער די קעשענעס, ווען איר קומט אַריין אין אַ פרעמדער געזעלשאַפט . . . — דאָס אַלץ פלעגט סטאַכאָוויטש דעמאָנסטרירן און אַרויסרופן מיט דעם גרויס געלעכ־טער. איין סצענע האָט זיך גאָר שטאַרק איינגעקריצט אין מיין זיכרון: ער האָט געוויזן ווי אַזוי ער האָט אויף אַ גרויסן באַל שפּאַצירט איבערן זאַל מיט אַ דאַמע, וועלכער ער דערקלערט זיך אין ליבע און בעט ביי איר אַ ראַנדעוווּ . . . און רעדנ־דיק באַקוקט ער רויק אַרום די געזעלשאַפט און מאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט גערעדט וועגן גאָר זייטיקע זאַכן. ווען ער האָט דאָס דעמאָנסטרירט, איז עס שוין געווען אַ סצענע פון ריינער, העכערער קאָמעדיע.

אַזוי אַרום איז אונדזער „הבימה" געוואָרן אַן אמתע קונסט־אַקאַדעמיע. אָבער

## חיהלע גראָבער

די אַלע אַרבעטן זענען געווען פאַר פיזישער אַנטוויקלונג, — אונדזער גייסטיקן קוואַל האָבן מיר געשעפּט ביי וואַכטאַנגאָוון. און געשעפּט פולע עמערס פון אַ קוואַל וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעשעפּט; אַ קוואַל, פון וועלכן מען שעפּט נאָך איצט.

## קאַפּיטל 16

# יעווגעני באַגראַטיאָנאָוויטש וואַכטאַנגאָוו



ארף און בלענדנדיק ווי אַ בליץ האָט דער נאָמען וואַכטאַנגאָוו דורכגעשניטן דעם טעאַטער־האָריזאָנט און שנעל ווי אַ בליץ איז ער אַוועק, איבערלאָזנדיק זיין שטעמפּל אויף דער געשיכטע פון רוסישן טעאַטער.

יעווגעני וואַכטאַנגאָוו איז געבוירן געוואָרן אין וולאַדיקאַווקאַז, דעם 1־טן פעברואַר 1883. זיין פאָטער האָט געשטאַמט פון רוסיש־אַרמענישן פאָלק און האָט פון זיי געירשנט די האַרטקייט, דאָמינירנדיקייט און אויפגערעגטקייט. ער איז געווען דער אייגנטימער פון אַ גרויסער טאַבאַק־פאַבריק און ער האָט דאָמינירט די פאַבריק און אויך דאָס הויז. אין אַן אַטמאָספערע פון שטענדיקער מורא און געהאָרכזאַמקייט, איז „זשעניע” געוואַקסן עניוותדיק און זעלבסט־קאָנצענטרירט. פון דער פריסטער יוגנט האָט ער אַרויסגעוויזן אַ ליבשאַפט פאַר מוזיקאַלישע קלאַנגען און אַ גוט אויער פאַר מוזיק. שוין אין דער ערשטער שולע האָט מען דערקענט דעם קליינעם זשעניע פאַר אַ קינד וואָס איז רעזערווירט און איינזאַם. אָבער אין דער זעלבער צייט פלעגט ער זיך זייער לייכט אָפּרופן אויף אַ פריינטלעכן זשעסט. זיין פאָטער האָט אים דערצויגן מיט דער גרויסער האָפענונג, אַז ער זאָל ווערן דער יורש פון דער פאַבריק. אָבער דער יונגער זשעניע האָט זיך דורכגע־

שלאָגן זיין וועג צום אוניווערזיטעט. צוליב דעם האַרטן און דאָמינירנדיקן כאַ־
ראַקטער פונעם פאָטער, האָט דער יונגער אַמביציעזער יעווגעני, דער זון פון דעם
רייכן פאַבריקאַנט, שוין אין זיינע ערשטע סטודענטן־יאָרן זיך באַקענט מיט נויט



י. ב. וואַכטאַנגאָוו אין יאָר 1889.

און אַפילו מיט הונגער. שוין אין דער פריסטער יוגנט האָט יעווגעני געהערט צום
קרייז פון „פריידענקער". אין סעפּטעמבער, יאָר 1904, איז יעווגעני וואַכטאַנגאָוו
אָנגעקומען אויפן יורידישן פאַקולטעט אין מאָסקווער אוניווערזיטעט, און שוין
דעם זעלבן יאָר איז ער אַריין אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, — ער איז

געוואָרן אַן „עסעראָווּעץ“. אין יאָר 1906 האָט וואַכטאַנגאָוו אָנגעהויבן זיין טעאַטער־אַרבעט מיט סטודענטן־גרופן אַלס רעזשיסאָר און אויך אַלס אַקטיאָר. ווען דער יונגער סטודענט יעווגעני איז געקומען אַהיים אויף זיינע ערשטע וואַקאַציעס, האָט ער גלייך אָרגאַניזירט די אַרבעטער פון זיין פּאָטערס פאַבריק און האָט אויפגעפירט מיט זיי אַ פאָרשטעלונג. ווען דער פּאָטער האָט דערזען די אַפישן אויסגעקלעפּטע איבער דער שטאָט און זיין זונס נאָמען אויף זיי, איז ער געוואָרן ווילד פון אויפרעגונג; ער האָט געשריען, אַז דאָס איז אַ חרפּה פאַר אים, אַ פאַרשוועכונג פון זיין נאָמען, פון דער גאַנצער משפּחה, און נאָך מער פאַר דער גאַנצער אַריסטאָקראַטישער קאָמערציעלער וועלט: — זיין זון זאָל זיך חברן מיט די אַרבעטער פון זיין פאַבריק! ער האָט דאָך געהאָפט, אַז זשעניע זאָל גאָר ווערן דער באַלעבאָס און איצט... — די שאַנדע און אַנטוישונג!

אָבער וואָס באַשערט דאָס ווערט: יעווגעני באַגראַטיאָנאָוויטש וואַכטאַנגאָוו איז געבוירן געוואָרן צו ווערן דער זשעני פון רוסישן טעאַטער. ער האָט פאַרלאָזן די היים פאַרן אוניווערזיטעט, און נאָכהער האָט ער פאַרלאָזן דעם אוניווערזיטעט פאַרן טעאַטער. די ערשטע ריכטיקע טעאַטער־בילדונג האָט ער געקראָגן פון סולערזשיצקי — אָדער סולער — ווי מען האָט אים שטענדיק גערופן אין די טעאַטער־קרייזן. סולער איז געווען אַ פיגור אין רוסישן טעאַטער פונעם אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט און זיין נאָמען האָט דערגרייכט אַריבער די גרעניצן פון רוסלאַנד. וואַכטאַנגאָוו דערציילט אין זיינע דערינערונגען, — ריכטיקער געזאָגט — אין זיינע נאָטיצן, אַז ווען סולער האָט באַקומען זיין ערשטע איינלאַדונג קיין פּאַריז אויפצופירן אַ פּיעסע, האָט ער איינגעלאַדן אים, זיין שילער, פאַר זיין אַסיסטענט. וואַכטאַנגאָוו האָט אויך פאַרנאָטירט דעם שרעקלעכן איינדרוק וואָס דאָס שפּילן פון די פראַנצויזישע אַרטיסטן האָט אויף אים געמאַכט. ער האָט נאָטירט: „קיינער פון זיי האָט ניט געשפּילט — זיי האָבן בלויז דעקלאַמירט זייערע ראָלן און ס'האָט געקלונגען שרעקלעך“. דעם נאָמען סולער פלעגט וואַכטאַנגאָוו זייער אָפט דערמאָנען ביי דער אַרבעט און אויך פּריוואַט, — און שטענדיק מיט גרויס פאַרערונג. איך בין אונטער דעם איינדרוק, אַז וואַכטאַנגאָוו דער ד ע ר צ י ע ר איז אַ טרייער נאָכפאָלגער פון זיין גרויסן לערער — סולערזשיצקי.

וואַכטאַנגאָוו איז פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַר קאָנסטאַנטין סערגייעוויטש סטאַניסלאַווסקי נאָך איידער ער האָט געענדיקט זיין שטודיום מיט סולערן. און פאָרגעשטעלט האָט אים סולער אַליין. מיט דעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער איז

## חיהלע גראָבער

וואַכטאַנגאָוו געווען פאַרבונדן בלויז עטלעכע יאָר און איז אַריבער צו דער גרופּע קינסטלער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעטיילט און אָנגעהויבן די „ערשטע סטודיע פון מאָסקווער קונסט־טעאַטער". צו יענער צייט האָט שוין וואַכטאַנגאָוו אויפגעפירט צענדליקער פּיעסן סיי מיטן מ. ק. ט., סיי מיט אַנדערע טעאַטערס און טעאַטער־גרופּעס. ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן דורשט נאָך וויסן; דאָס אייביקע זוכן פון נייע פאָרמען איז געווען זיין איינגעבוירענע נאַטור. ווען מיר לייענען זיינע נאָטיצן, מוזן מיר זיך אָפּשטעלן אויפן פאַקט, אַז דאָרט זיינען כמעט נישטאָ קיין רעגלען אָדער טעאָריעס. עפּעס אַזוי ווי ס'וואָלט פאַר אים געווען פאַרשטענדלעך, אַז דאָס געהערט בלויז צום גרויסן מייסטער ק. ס. סטאַניסלאַווסקי. אַלץ וואָס מיר געפינען אין זיינע נאָטיצן און נאָך מער אין זיינע אומצאָליקע בריוו צו זיינע סטודענטן, איז — דערציונג! פון דעם סאַמע אָנהייב פון זיין פּעדאַגאָגישער און רעזשיסאָרישער אַרבעט, ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין באַוווסטזיין אויף דער ערד, האָט ער ניט אויפגעהערט אונטערצושטרייכן:

„דורך קונסט מוזן מיר דערציען אַ בעסערן מענטשן; אַן אַרטיסט דאַרף זיין דערביישפּיל פון אַ ריינעם, ערלעכן, גוטן גייסט; אַן אַרטיסט מוז אַליין לערנען און פּראָפּאַגאַנדירן פאַר אַנדערע די גרייטקייט צו העלפן, ברידערלעכקייט און ליבע".

נאָך איין זאַך איז שאַרף אונטערגעשטראָכן אין זיינע נאָטיצן, און דאָס איז: „קיין שום פלענער פאַר אַן אויפפירונג...". קיין זאַך איז ביי אים ניט געווען געפּלאַנט, קיין זאַך ניט אויסגערעכנט. זיין גאַנצע אַרבעט איז געווען שעפעריש! די פאָרשטעלונג־קראַפט האָט געאַרבעט אין זיין פאַנטאַזיע, האָט געפינקלט און בילדער זענען געשאַפן געוואָרן מיט דער לייכטקייט פון אַ פרילינג־ווינט. יאָרן האָבן מיר מיט אים געשוועבט אין דער פאַנטאַסטישער ספערע. ס'איז איבעראַשנדיק אויף וויפל דער מענטש איז געווען אָפּהענגיק פון אַטמאָספערע און שטימונג. עס פלעגן זיין טעג, ווען די מוזע האָט אים ניט געדינט און ער פלעגט דאַן גאָרניט קענען טאָן. וואַכטאַנגאָוו פלעגט די ניט־שעפערישע טעג אויפנעמען אַזוי זאָרגלאָז און לייכט ווי אַ קינד! אַזעלכע אָוונטן פלעגן אַוועקגיין אין דערציילן מעשהלעך, אין זינגען לידער — פּשוט אַזוי זיך! און אין די אָוונטן איז וואַכטאַנגאָוו געווען אַזוי יונג, יינגער פון דעם יינגסטן צווישן אונדז. ער איז געווען פול מיט לעבן און געבליצט מיט הומאָר. אין אַט די אָוונטן זענען מיר אַלע געווען לאַנגיאָריקע פריינט. אין די אָוונטן פלעגט ער אויפעפענען די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען פון זיין האַרץ. ווי דיסקרעט פלעגט ער רעדן וועגן פּריוואַטן לעבן. וואַכטאַנגאָוו דער מאַן



אַרמעניע — דאָ איז געבוירן געוואָרן יעווגעני באַגראַטיאָנאָוויטש וואַכטאַנגאָוו.

איז געווען ליידנשאַפטלעך, און דאָך — ווי קרישטאָל־קלאָר! — אין אַלע מענטש־לעכע סענטימענטן איז וואַכטאַנגאָוו געווען דערהויבן צו די העכסטע הויכן.

„לעבן, שיינקייט און ליבע איז וווּנדערלעך; די איינציקע זאַך, וואָס שטערט, איז דאָס פּיזישע, אָבער אַזוי ווי דאָס איז לעבן — דאַרף דאָס אויך דערהויבן ווערן צו גייסטיקע הויכן!״

און זיינע באַמערקונגען וועגן סעקסועלן לעבן זענען געווען — ריינע פּאָעזיע!

## קאַפּיטל 17

# ראַשעל סטאַראָבּיניעץ

ער ערשטער פּראָגראַם, וואָס וואַכטאַנגאָוו האָט מיט אונדז אויפגעפירט האָט געהייסן „נשף בראשית" (כי „בראשית ברא אלהים . . ."). דער פּראָגראַם איז באַשטאַנען פון פיר איינאַקטערס: 1. „די עלטערע שוועסטער" פון ש. אַש; 2. „די זון" פון י. קאַצענעלסאָן; 3. „ס'ברענט" פון י. ל. פּרץ, און 4. „פּגע רע" פון י. ד. בערקאָוויץ. די מערסטע טייל פון די וואָס האָבן געשפּילט אין „נשף בראשית", זענען מער אָדער ווייניקער באַקאַנט דעם יידישן צושויער, דעם יידישן שרייבער. זייערע נעמען זענען געווען אויף אַפישן, אין פּראָגראַמען, און אַ סך פון זיי, אַפילו אין דער ניט־יידישער פּרעסע. עס זענען אָבער געווען עטלעכע, וועלכע האָבן זייער קאַריערע געענדיקט שוין באַם סאַמע אָנהייב. איך וועל דאָ דערמאָנען בלויז די, וועלכע האָבן גלייך פון אָנהייב שוין פאַרנומען אַזעלכע ערטער, וועלכע זענען ביז היינט, לײדיקע, ניט־פאַרנומענע פּלעצער אין דער „הבימה".



ר. סטאַראָבּיניעץ

עס איז געווען אין ביאַליסטאָקער גימנאַזיע אַ שילערין ראַשעל סטאַראָבּיניעץ. אַ טאָכטער פון אַ סוחר, אַ מיידל פון אַ באַלעבאַטיש הויז. אַ מיידל, דוכט זיך, ווי אַלע אונדזערע מיידלעך, און דאָך אַזוי אַנדערש. מיר האָבן געהאַט

מיידלעך שיינע, חנווודיקע, געהאַט מיידלעך מוזיקאַלישע, גוט דערצויגענע; אָבער אַזאַ האַרמאָניע ווי עס איז געווען אין ראַשעל האָט קיינער ניט פאַרמאָגט. מיר דוכט זיך, אַז אַלע געטער האָבן זיך צוזאַמענגערעדט און איינשטימיק באַשלאָסן צו באַשאַפן אַ מאָדעל פון אַ געטלעכער פרוי! ראַשעל איז געווען שלאַנק און רירעוודיק; פּלאַסטיש און ריטמיש; שיין, קלוג און גוט. זי האָט געזונגען מיט אַ שטימע פון אַ האַרפע, זי האָט געטאַנצט און זי איז געווען אַ געבוירענע אַק־טריסע! אין ערשטן פּראָגראַם פון דער „הבימה" האָט זי געשפּילט צוויי ראָלן: אין „החמה" — „די זון", האָט זי געשפּילט אַ יונגע קאָקעטע, האָט פון יעדן לאָק פון איר שוואַרצן קאָפּ געבליט יוגנט; אירע גרויסע שוואַרצע קאַרשן־אויגן זענען געווען אָנגעגאָסן מיט ליבע און וואַרעמקייט; איר געלעכטער האָט אָפּגע־קלונגען טיף אין האַרצן און אירע ווייסע ציין האָבן ניט געהאַט קיין גלייכן. ס'איז ניט געווען אין מאָסקווע קיין אַקטריסע, וואָס מען זאָל קענען פאַרגלייכן מיט ראַשעל. אין צווייטן אַקט האָט זי געשפּילט, אין „די עלטערע שוועסטער" פון ש. אַש, אַ פאַרזעסן מיידל. און שוין איר פיגור אַליין איז געווען דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון עלנט, פון טרויער! דאָ האָט זי געהאַט אַ שטילן, גלאַט־פאַרקעמטן קאָפּ, אויסגעלאָשענע אויגן וואָס קוקן אין זיך, אַ געשלאָסן מויל, און דער שאַל אויף אירע אַקסלען האָט זי אַזוי ווי אָפּגעשלאָסן פון דער גאַנצער וועלט אַרום. זי האָט געהאַט אַ מיזאַנסצענע, ווען אַ חתן קומט אָנקוקן די יינגערע שוועסטער, — אַלע גייען אַרויס צו אים און זי בלייבט אַליין אויף דער סצענע. דאַן האָט זי זיך איינגעבויגן, אַריינגעקוקט אין שליסל־לאָך בלויז צו זען דעם בחור. ביי דער באַ־וועגונג האָט ביים צושויער שוין אַ דריק געטאָן אין האַלדז. דערנאָך האָט זי — מיט דער פּלייצע צום פּובליקום — אָנגעהויבן לאַנגזאַם זיך אויסגלייכן, און ווען זי האָט זיך אויסגעדרייט צום פּובליקום, האָבן גרויסע טרערן זיך אַרונטערגע־קייקלט אויף איר בלייך פּנים און דאָ האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט דער פאָר־האַנג. אַזוי האָט געשפּילט — שטעלן מיר זיך פאָר — נאָר די גרויסע פראַנצוי־זישע ראַשעל. די ראַשעל אונדזערע, האָט באַגייסטערט ניט נאָר די צושויער, נאָר ווען סטאַניסלאַווסקי האָט זי געזען שפּילן, איז ער געוואָרן אַזוי אַנטציקט, אַז ער האָט געפרעגט צמחן, צי ער האָט אַ קאָנטראַקט מיט דער שוישפּילערין, ווייל אויב ניט, ווייל ער זי צונעמען פאַרן קונסט־טעאַטער.

ראַשעל סטאַראָביניעץ האָט אָבער געפעלט בלויז איין אייגנשאַפט בכדי צו ווערן די גרויסע יידישע קינסטלערין, און דאָס איז — אַמביציע! און ס'האָבן ניט געהאָלפן ניט קיין רייד פון צמחן, ניט די בריוו פון וואַכטאַנגאָוון. עס האָט זיך אָנגעהויבן ביי איר אַ קאַמף צווישן קונסט און ערדישער ליבע, און געזיגט

האָט אַ פּשוטער שיינער בחור. אַזוי פּשוט, אַז ער האָט אפילו ניט באַנומען ווי גרויס זיין פאַרברעכן איז, ווען ער האָט זי צוגענומען פון דער בינע.

# אַ בריוו פון וואַכטאַנגאָוו צו ראַשעל סטאַראָביניעץ

נאָוועמבער, 1־טער 1918.

צו ר. סטאַראָביניעץ.

אַנטשולדיקט, איך קען אייך נישט אָנרופן מיט אייער נאָמען און נישט לויטן נאָמען פון אייער פאָטער, ווייל איך געדענק ניט. דערפאַר זאָל זיין אַזוי:

גוטע סטאַראָביניעץ!

אויב איר האָט צו מיר וועלכן ניט איז צוטרוי, אויב אייך איז כאָטש אַ ביסעלע טייער די קונסט פון דער בינע, וועט איר זיך באַציען צו מיינע ווערטער ערנסט, און מיט זיך אַליין אין דער איינזאַמקייט, וועט איר דורכטראַכטן דאָס וואָס כ׳וועל אייך זאָגן און איר וועט זיך ענטפערן קלאָר און דייטלעך ביזן סוף. דאָס מוז מען טאָן, ווייל דאָס, אין וואָס מיר מ׳ט אייך אַרבעטן, פאָדערט קלאָרקייט.

פאַרטראַכט זיך גוט איבער דער פראַגע: צי האָט איר ליב די בינע אויף אַזוי פיל, בכדי צו דינען איר, צו מאַכן דאָס פאַר דער הויפּטזאַך, פאַר דאָס וויכטיקסטע פון אייער לעבן, פון דעם לעבן אויף דער ערד, פון דעם לעבן וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן בלויז איין מאָל? אָדער איר האָט עפּעס אַנדערש, פאַר וועלכן איר געפינט פאַר נויטיק צו לעבן, פאַר וועלכן עס לוינט צו לעבן, וואָס באַרעכטיקט אייער דאַ־זיין, קעגן וועלכן די בינע גייט אַריבער אויפן צווייטן פּלאַן און ווערט פאַרוואַנדלט אין עפּעס איבעריקס — אַ וווּנדערלעכע באַפּוצונג פון אייערע טעג, וועלכע איר גיט פריידיק אַוועק אייער הויפּטזאַך?

אויב איר וועט אויף דער ערשטער פראַגע ענטפערן פּאָזיטיוו, אויב די קונסט פון טעאַטער איז פאַר אייך די הויפּטזאַך, טאָ מ׳האַט דורך: צי גיט איר אַוועק פאַר דעם וויכטיקסטן אַזויפיל וויפל מען דאַרף, בכדי דאָס זאָל באַרעכטיקן דעם פּלאַץ אין אייער לעבן. דאָס וויכטיקסטע פאָדערט שטענדיק אַ סך. דאָס וויכטיקסטע פאָדערט שטענדיק קרבנות. פאַר דעם וויכטיקסטן איז אַלץ איבעריקס. נעמט צו

## חיהלע גראַבער

דאָס וויכטיקסטע, און אַלץ וואָס האָט עס דערגאַנצט — באַקוועמלעכקייט פון לעבן, ליבע, ביכער, פריינט, די וועלט די גאַנצע, — ווערט איבעריק און דער מענטש פילט זיך איבעריק.

אויב איר וועט ענטפערן פּאָזיטיוו אויף דער צווייטער פראַגע און איר וועט זאָגן, אַז איר האָט עפּעס אַנדערש, וואָס איז אייך טייערער פון דער בינע, טאָ טראַכט דורך: צי מעג מען, אַפילו ווען באַשעפטיקונג מיט קונסט שטייט בײַ אײַך אויפן צווייטן פּלאַן, אָפּגעבן עס אַזוי ווייניק, ווי איר גיט? צי מעג מען אַזאַ גרויסער פריידיקער זאַך ווי טעאַטער, ווי שעפערישקייט פון טעאַטער, אָפּגעבן אַזוי ווייניק ווי איר גיט? אָט זעט: גאָט האָט אײַך געגעבן אַ סך! איר נעמט אויף פריי און לײַכט. איר זענט סצעניש. איר האָט אַ גוטן טעמפּעראַמענט. איר האָט חן. אויב איר וועט אַרבעטן איבער אײנע־צוויי פּיעסן, איז אין משך פון אַ פּאָר יאָר קענט איר ווערן אַ גוטע שוישפּילערין, אַ קינסטלערין. און אויב איר וועט אַ סך אַרבעטן, קענט איר — איר האָט דערצו די אייגנשאַפטן — ווערן אַ גרויסע אַרטיסטקע!

איך האַלט עס פאַר מײַן פליכט צו זאָגן אײַך. ווי מײַן שילערין; ווי דער וואָס האָט ליב באַקומען אין אײַך אײַער טאַלאַנט, ווי איינער וועלכער אַרבעט אין טעאַטער; ווי איינער וואָס פרייט זיך מיט דעם ליכט פון באַגאַבטע; אײַך איז געלונגען גלײַך בײַ די ערשטע טריט פון אײַער וועג. דאָס פּאַסירט זעלטן (שפּעטער, אַמאָל, וועט איר זיך דערמאָנען אין די דאָזיקע טריט און אין דעם בריוו). מען טאָר זיך ניט אָפּשטעלן, מען טאָר ניט דורכלאָזן קיין איין טאָג. אויב איך ווייס עפּעס, אויב איך האָב וואָס צו געבן אַנדערע, בין איך מיט דעם פּאַרפליכטעט דער גאָר גרויסער אַרבעט יעדע שעה וואָס שטייט מיר פאַר. זינדיקט ניט קעגן גאָט! רויִנירט ניט אײַער לעבן. ברענגט אַ קרבן פאַר דער גרויסער זאַך אײַער פּערזענלעכע, אפשר איצט — וויכטיקע אינטערעסן פאַר אײַך. פאַרגעדענקט: אַלץ קען מען צוריקבאַקומען, אויב מען לאָזט דורך; אָבער מען קען ניט צוריקבאַקומען די יוגנט, און יוגנט טאָר מען ניט פאַרשווענדן אויף זאַכן פאַרבײַגײענדיקע.

מיט אויפריכטיקער וואַרעמער סימפּאַטיע צו אײַך; מיט דער פולער פאַרשטענדעניש פאַר אײַער פרויאישער נשמה, דער ווונדערלעכער און אָפענער; מיט ניט קיין בייזוויליקער באַציִונג צו אײַער לײַכטזיניקער באַציִונג צו זיך אַליין, — וואָג איך דאָס צו שרײַבן צו אײַך. אויב איר וועט עס ניט דורכטראַכטן איצט

— וועט זיין שפעט, און מיר וועלן זיין עדות פון דעם, ווי נאַכלעסיק און לייכט־גלויביק ס'איז צעטראָטן געוואָרן גאָטס גאָב; ווי ס'איז אויסגעטריקנט און פאַר־ניכטעט געוואָרן דאָס ווונדערלעכע; ווי אומבאַרעכנט פאַרשווענדעריש איז פאַר־טאַכלעוועט געוואָרן דאָס, וואָס האָט געקענט דערפרייען מענטשן.

דאָס זאָג איך אייך מיט דעם טיפסטן טרויער אויף וואָס מיין האַרץ איז נאָר פעיק...

דער וואָס האָט אייך ליב —

**י. וואַכטאַנגאָוו**

(פון בוך „וואַכטאַנגאָוו — פאַרצייכענונגען, בריוו, אַרטיקלען)

קאַפּיטל 18

# שושנה אביבית — מרים עליאָס — בנימין צמח — דוד איטקין


עוועז אַ צווייטע שוישפּילערין שושנה אביבית. שושנה איז אין אונדזער יונגער גרופּע, וועלכע האָט אויסגעזען גאַנץ גרוי (חוץ ראַשעל), געווען דער בונטער שטרייף, סיי לויט איר פּערזענלעכקייט, סיי לויט איר אויסערלעכקייט. מיר אַלע מיידלעך האָבן זיך אָנגעטאָן „סקראָמנע", ווי מען האָט עס גערופן, אָבער אין אמתן איז עס געווען פּשוט געשמאַקלאָז. זי אָבער איז געקומען צו אונדז פון אָדעס און פאַר דער „הבימה" איז זי שוין געווען אין אַ דראַמאַטישער שולע. איז זי געווען עלעגאַנט און קאָלירפול. צו דער „הבימה" האָט זי רעקאָמענדירט ח. נ. ביאַליק, וואָס האָט זי געהערט אין אָדעס פאַרלייענען. מיט אַזאַ רעקאָמענדאַציע און מיט דער זייער גוטער אויפנאַמע פון נ. צמח, האָט שושנה זיך שוין געפילט פאַר דער צוקונפטיקער פרימאַדאָנע. איך מיין, אַז ווען דער רעפּערטואַר פון דעם טעאַטער וואָלט געווען אַ וועלטלעכער, וואָלט זי זיכער פאַרנומען איינס פון די ערשטע פּלעצער. אָבער די „הבימה" האָט געזוכט דעם וועג צו תנ"ך, און דאָס האָט זי אויף זיך געוואָלט אַרויפצווינגען. נישט תנ"ך און נישט גריכישע טראַגעדיע, צו וועלכער זי האָט זיך יאָרן געגרייט אין פּאַריז, זענען געווען אירע וועגן; זי איז געווען אַ לייכטע קאָמעדיע-שוישפּילערין, און פאַר דער „הבימה" איז איר אָוועקגיין געווען אַ גרויסער פאַרלוסט: אַלס שוישפּילערין, אַלס גרויסע פּערזענלעכקייט, אַלס קולטורעלער מענטש און ווי איינע פון די בעסטע פּעדאַגאָגינס.

## חיהלע גראָבער

מרים עליאַס איז אַ בת־רב און שטאַמט פון זשוואַניעץ. זי איז געוואַקסן אַ בת־יחידה צווישן אַכט ברידער — אויך רבנים. זאָל עס זיין אַ צופאַל, אָדער איינפלוס פון סביבה — אָבער מרים איז געוואַקסן מיט אַ סך אייגנשאַפטן פון אַ מאַן; איר הויך און ברייט־פּלייציקייט האָט איבערגעשטיגן די פיגור פון אַ פרוי; איר שטימע איז געווען טיף און שטאַרק; איר גאַנג איז געווען אַ ברייטער און זיכערער; די באַוועגונגען — העכסט מענער־ישע. איך ווייס ניט, צי מרים איז טאַקע געזעסן איבער דער גמרא צוזאַמען מיט די רבנים, אָבער אַז זי האָט געלערנט חוץ תנ״ך אויך אַ בלאַט גמרא — דאָס האָבן מיר אַלע געוווּסט. זי האָט געלערנט, און טאַקע מיטן טראָפּ.

ווען איך בין אָנגעקומען אין דער „הבימה״ זענען מיינע העברעישע קענ־טענישן ניט געווען קיין צו־גרויסע און מרים איז געוואָרן מיין לערערקע. זי איז, אגב, געווען אַ פּראָפעסיאָנעלע לערערקע, איידער זי איז געקומען צום טעאַטער.

די שעהן מיט מרים עליאַס זענען ניט געווען קיין טרוקענע לעקציעס; די לימודים זענען געווען אַדורכגעוועבט מיט מעלאָדיע: אַ גמרא־ניגון, אַ מאַי־קאָ־משמע־לן, אַ שיר־השירים. זי האָט שטענדיק געלעבט אין דער אַטמאָספערע פון איר רבנישער היים. ניט די רוסישע קולטור און ניט דאָס גרויסע מאָסקווע האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף איר; זי איז געווען העכסט יידיש־פּראָווינציעל. וועגן איר זענען פאַראַן אַ סך אַנעקדאָטן, אָבער די כאַראַקטעריסטישע פון זיי־ זענען אָט די צוויי:

ווען זי איז שוין אַלט געווען פערצן יאָר און מען האָט איר געפרעגט ווי מע רופט די מאַמע, פלעגט זי ענטפערן: „זייזשע־מוחל״, — אַזוי פלעגט דער טאַטע זיך תמיד ווענדן צו דער מאַמען.

נאָך דער רעוואָלוציע האָט מען באַדאַרפט אויספילן אַנקעטעס, האָט זי אויף דער פראַגע: „וואָשע סאָציאַלנאָיע פּאָלאָזשעניע״ (אייער סאָציאַלער שטאַנד)? גע־ענטפערט: „פּלאָכאָיע״ (שלעכטער).

אַ שאָד אַ גרויסער, וואָס זי האָט זיך אַזוי ווייניק געקענט און איז אַזוי פרי אַוועק פון דער „הבימה״. אַלע אירע פרוווּ אויפן טעאַטער־ און קאָנצערט־געביט זענען דורכגעפאַלן. די „הבימה״ איז געווען דאָס איינציקע טעאַטער, ווו זי האָט זיך געקענט אויסלעבן.

דאָס זענען די, וואָס האָבן מיטגעמאַכט מיט אונדזער טעאַטער דעם פּעריאָד מאָסקווע; ס'איז אָבער דאָ אַ גאַנצע גרופּע שוישפּילער, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם אייראָפּעישן טור און געקומען קיין אַמעריקע צוזאַמען, און ערשט דאָ זענען זיי פאַרבליבן. און די נעמען וויל איך דאָ פאַרצייכענען.

עס איז דאָ אין אַמעריקע פאַרבליבן איינער פון די יונגע „הבימה"־שוישפּי־לער בנא שניידער. אין אים האָט די „הבימה" פאַרלוירן איר בעסטן רעזשיסאָר. בנא האָט דאָ אין ניו־יאָרק געשאַפן דאָס יידישע טעאַטער „אַרטעף" און זיינע פאָרשטעלונגען מיט דעם טעאַטער האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע בראָדוויי שוישפּילער און רעזשיסאָרן. נאָך עטלעכע יאָר אַרבעט מיט דעם טעאַ־טער, איז ער איינגעלאַדן געוואָרן צו די מ. ג. מ. קיין האָליוואָוד. זיין פּריוואַטע סטודיע דאָרט, וווּ ער אַרבעט צוזאַמען מיט זיין פרוי בת־עמי (אויך אַ יונגע „הבימה"־שוישפּילערין) איז פאַררעכנט פאַר איינער פון די בעסטע סטודיעס אין האָליוואָוד. נאָך איז דאָ פאַרבליבן אַ יונגער שוישפּילער — בנימין צמח.

בנימין צמח איז געווען דער יינגסטער פון דער גרויסער משפּחה צמח, און איז געווען דער יינגסטער פון די מענער אין דער „הבימה". זיין באַגאַבונג איז אין דער זעלבער צייט געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען: דראַמע און טאַנץ. האָט ער געאַרבעט אין דער „הבימה" און מחוץ ל„הבימה". חברים „אידעאַליסטן" זענען ניט געווען שטאַרק צופרידן פון דעם, וואָס ער גיט כלומרשט אַוועק צייט פאַר זיין טאַנץ־אַרבעט, אָבער דער אַרבעטזאַמער בנימין האָט קיינמאָל ניט פאַרפעלט קיין לעקציע, קיין רעפּעטיציע און זיכער ניט קיין פאָרשטעלונג. און דער גרויסער בייטראָג וואָס ער האָט געבראַכט צו זיין ראָלע פון שטן אין „יעקבס חלום" איז געווען אויסערגעוויינלעך. ער האָט די גאַנצע ראָלע געבויט אויף פּלאַסטיק. זיינע באַוועגונגען זענען געווען שטאַרק און איבערצייגנדיק און ער האָט געשאַפן אַן אומפאַרגעסלעך געשטאַלט.

בנימין האָט סיסטעמאַטיש געאַרבעט יאָרן, ביז מיר זענען פאַרטיק געוואָרן פאַר אונדזער גרויסן טור. און דאָ איז אַנטדעקט געוואָרן בנימין דער טענצער — בנימין דער קאָנצערטיסט. ער האָט אַרויסגעפירט פון רוסלאַנד אַ פאַרטיקן פּראָ־גראַם טענץ, מיט וועלכן ער האָט אַ היפּש ביסל אויפגעהויבן דעם אַזוי אויך גענוג גרויסן פּרעסטיזש פון דער גרופּע. אַ סך קלענערע שטעט, וואָס האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו האָבן די גאַנצע „הבימה", האָבן געקראָגן די גרופּע קאָנצערטיסטן, און אין די קאָנצערטן האָט בנימין געהאַט דעם גרעסטן פאַרדינסט.

נאַטירלעך, איז בנימין געבליבן אין אַמעריקע. ער האָט גלייך פאַרנומען זיין פּאָזיציע. צוזאַמען מיט קאָנצערטיסטן האָט ער אויפגעהויבן זיין פּעדאַגאָגישע אַרבעט. זיין סטודיע אין ניו־יאָרק האָט צוגעצויגן די בעסטע יוגנט. קאָנצערטן פון זיין גרופּע ווערן איינגעאָרדנט אין די שענסטע זאַלן און גרעסטע טעאַטערס.

אַפּאַרבעטנדיק אין ניו־יאָרק עטלעכע יאָר, איז ער אַוועק קיין האָליוואוד. האָליוואוד איז דער מאַגנעט פאַר יעדן קינסטלער. האָט ביי אים אויך דאָ ניט געדויערט לאַנג צו קריגן אַן אויפפירונג אין קינאָ, צו געבן דעם גרעסטן ספּעקטאַקל אין „האָליוואוד־באָלל״, און צו קריגן אַן איינלאַדונג אויף אַ שטענדיקער אַרבעט ביי דער פילם־אינדוסטריע. די וואָס האָבן געזען דעם גרויסן ספּעקטאַקל „אייביקער וועג״ פון פראַנץ ווערפל, אויפגעפירט פון באַרימטן רעזשיסאָר ריינהאַרדט, וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן די טענץ וואָס זענען געשטעלט געוואָרן פון בנימין צמח און דורכגעפירט געוואָרן פון זיינע שילער. ער איז דער איינציקער וועלכער האָט געפונען אַזאַ הויך־קינסטלערישע פאָרם פאַר אונדזער טיפן יידישן אינהאַלט.

בנימין האָט ניט גענוג צייט פאַר די אַלע אויפפירונגען וואָס עס פאָדערן די גרויסע אַמעריקאַנער שטעט. דאָך רייסט ער אָפּ יעדן ווינטער עטלעכע וואָכן, טוט אַ פלי קיין מאָנטרעאַל, טאָראָנטאָ, קליוולאַנד, שיקאַגאָ, דעטראָיט, פילאַדעלפיע; טוט אַן אַרבעט אַריין אַ זעכצן־אַכצן שעה אַ מעת־לעת, לאָזט איבער אַ גרויסע פאָרשטעלונג און נאָך אַ גרעסערע בענקשאַפט ביי עולם און קינסטלער וואָס לעכצן נאָך אַ ביסל גייסטיקער פרייד.

די לעצטע פאָר יאָר האָט בנימין אָנגעהויבן בויען טעאַטער — זיין שטענדיקער דראַנג צו פאַרבינדן דראַמע מיט טאַנץ. איז די אַרבעט טאַקע אַזוי דערפאָלגרייך, ווי אַלץ וואָס ער טוט אויפן טעאַטער־געביט.

* * *

געוועזן אין „הבימה״ אַ כאַראַקטער־שוישפּילער בן־ארי. דאָ אין ניו־יאָרק האָט ער געגרינדעט אַ העברעישע סטודיע, אַ יידישע גרופּע, און נאָכהער אַריין אַלס אַסיסטענט פון דעם באַרימטן דייטשן רעזשיסאָר פּיסקאַטאָר און פאַרנעמט אַ וויכטיק אָרט אין דער אַמעריקאַנער טעאַטער־וועלט.

* * *

עס איז געווען אין אָנהויב פון אונדזער בלי, באַלד נאָך דער אויפפירונג פון „נשף בראשית" אַרום 1919, אין אַ פרילינג־טאָג, ווען אַ הויכער שיינער מאַן איז מיט אימפעט אַרויף אויף די טרעפ, אַריין אין פאָיע פון אונדזער סטודיע, האָט זיך אַביסל שטייף פאַרנייגט און טעאַטראַליש אויסדעקלאַמירט אויף אַ גוטן יידיש־לעכן רוסיש:

— דערלויבט מיר זיך פאָרצושטעלן. מען רופט מיך דוד איטקין; איך בין אַ שילער פון דער פילהאַרמאָניע, דאָ גלייך הינטער אייער סטודיע. צו אונדז האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון דער וווּנדערלעכער העברעישער שפּראַך, בין איך גע־קומען אייך זאָגן, אַז איך וויל ווערן אַ חבר פון אייער סטודיע.

מיט דעם קורצן מאָנאָלאָג האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פּראָפע־סיאָנעלן, פּראָווינציעלן שוישפּילער. ער האָט זיך גלייך אַוועקגעזעצט, פאַרוואָרפן אַ פוס אויף אַ פוס, אַרויפגעלייגט דעם רעכטן עלנבויגן אויף דער לינקער קני, צונעלייגט די האַנט צום שטערן און אָנגעהויבן רעדן פריי און לייכט. געוואָלט האָט ער טעאַטער — אונדזער טעאַטער, אָבער גערעדט האָט ער מער וועגן מוזיק.

איטקין — אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער מאַן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן שיי־נעם קאָפּ אויף אַ פעסטן קאַרק; שוואַרצע, געדיכטע, גלאַנציקע האָר, וועלכע לייגן זיך אויס — אַן אַ סדר — אין וועלן; אַ גלייכע נאָז מיט זייער סענסיטיווע באַ־וועגלעכע נאָז־פליגלען, מיט שטענדיק אַביסל צעעפנטע ליפּן, וועלכע זענען גרייט פאַר אַ קוש. זיינע באַזונדערס גרויסע, אָפענע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט אויף אַלץ און אויף אַלעמען מיט אַ ליבן שמייכל. דעם שמייכלענדיקן אויסדרוק האָבן זיינע אויגן געהאַט תמיד, אפילו ווען ער פלעגט דאַרפן לייענען אָדער דערציילן עפּעס זייער ערנסטעס. די שטימע איטקינס האָט ניט געהאַט קיין מעטאַל און קלינגט ניט אָפּ אין די אויערן, אָבער די ווייכקייט און וואַרעמקייט פון דער שטי־מע דרינגט אַריין אין אייער נשמה און פאַרזייט דאָרטן אַ געפיל פון צוטרוי און פריינטשאַפט. באַלד ביים ערשטן באַזוך זיינעם האָט ער ניט דורכגעלאָזן די גע־לעגנהייט אַרומצונעמען איינע, פאָטערלעך אַ גלעט צו טאָן אַ צווייטע און נייגעריק צו באַטראַכטן אַ דריטע פון אונדזער גרופּע. און איידער ער איז אַוועק האָבן שוין אַלע געקענט דוד איטקינען, כאָטש מיר זענען נאָך פאַר אים געווען פרעמד.

צו באַשטימען אַן אַמפּלוא פֿאַר אַזאַ טיפּ שוישפּילער איז ניט לייכט, ווייל די פיגור איטקינס איז פון אַ העלד, זיין טעמפּעראַמענט — פון אַ ליבהאָבער, און זיין שטים — פון אַ פֿאָטער. יעדער מענטש וואָס וועט פאַרברענגען מיט איטקינען די ערשטע האַלבע שעה, וועט גלייך וויסן, אַז ער איז אַן אָפּנהאַרציקער, אַן ער־לעבער, אַ וואַרעמער, אַ פֿאַרטרויליכער — אַן עכט־רוסישער „נאַש בראַט!״ און אַזוי האָט אים טאַקע די „הבימה״ אויפגענומען.

צווישן אונדזער יונגער גרופּע איז איטקין געווען דער, וועלכער האָט ראָ־מאַנסירט און גערן זיך געטיילט מיט זיינע דערפאַרונגען... און יעדן טאָג פלעגן מיר הערן וועגן נייע נאַדיאַס און טאַטיאַנאַס, אָבער אָפטער פון אַלץ פלעגט מען הערן וועגן בעלאָטשקאַ און איזאָטשקאַ. ס׳איז געווען ממש אומפאַרשטענדלעך ווי אַזוי מע קען מיט אַזאַ ליבשאַפט רעדן וועגן צוויי אין דער זעלבער צייט. ביז עס איז קלאָר געוואָרן, אַז איזאָטשקאַ און בעלאָטשקאַ זענען זיינע צוויי קליינינקע טעכטערלעך. דאָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע אין איטקינען: צו רעדן וועגן אַלץ און אַלעמען מיט פּאַטאָס און ענטוזיאַזם.

* * *

שנעלער פון אַלע נייַ־אָנגעקומענע האָט איטקין זיך איינגעלעבט מיט דער ערשטער גרופּע. ער האָט אין אַ קורצער צייט זיך איינגעבירגערט, פאַרפעסטיקט אַ פּאָזיציע פון אַן ערלעכן, איבערגעגעבענעם חבר, — איבערגעגעבן צו דער „הבימה״ בכלל און צו חברים בפרט. ביסלעכווייז איז פאַרשוואונדן איטקין דער ליבהאָבער, און ס׳איז פאַרבליבן דער פּאָטערלעכער איטקין, סיי פאַר דער בינע און סיי פאַר אונדז חברים. אַזאַ טיפּ מענטש־אַקטיאָר ווי איטקין איז אַ זעלטנהייט אין „דער פּראָפעסיע״ אונדזערער בכלל, און ער איז אויך געווען אַ זעלטנהייט ביי אונדז. געשפּילט האָט ער אין יעדער פּיעסע, ווו אַ קלענערע ווו אַ גרעסע־רע ראָלע. און יעדע ראָלע איז געווען פאַר אים פון דער זעלבער גרויסער וויכטי־קייט. דער עיקר אין טעאַטער איז געווען פאַר אים ניט קאַריערע, נאָר שפּילן; שפּילן, לעבן און זיך אויסלעבן. ער האָט געשפּילט איינעם פון די זקנים אין „יהודי הנצחי״; איינעם פון די מלאכים אין „חלום יעקב״; דער פּאָטער סענדער אין „דיבוק״, און סטרעטשאָן — דער באַר־טענדער אין „מבול״.

איטקין איז, ווי אַלע וואָס זענען פאַרבליבן אין אַמעריקע, געווען אַן אמתער חסיד פון גרויסן רבין נחום צמח און האָט ניט געוואָלט פאַרזעצן דאָס בויען אָן

אים. איז ער פֿאַרבליבן דאָ אין אַמעריקע און האָט אויסגעקליבן שיקאַגאָ פֿאַר זיין קינסטלערישער היים. עס איז שוין אַוועק אַכצן יאָר זינט ער האָט אָנגעהויבן זיין נייעם וועג צום אַמעריקאַנער טעאַטער, און שוין זעכצן יאָר ווי ער איז די־רעקטאָר פֿון דעם גודמאַן־טעאַטער. גודמאַן־טעאַטער איז דאָס בעסטע טעאַטער אין שיקאַגאָ. איטקין האָט שוין פֿאַר די זעכצן יאָר אַרויסגעגעבן פֿון זיינע קלאַסן הונדערטער יונגע שוישפּילער. אַ סך פֿון זיינע תּלמידים פֿאַרנעמען שוין וויכטיקע פּלעצער אויף בראָדוויי און אין האָליוואוד. ער האָט שוין פֿאַר דער צייט אויפֿ־געפֿירט צענדליקער פּיעסן פֿון יידישן, אַמעריקאַנער, ענגלישן און אייראָפּעישן רע־פּערטואַר. ער איז געשעצט און באַליבט סיי פֿון די מיטאַרבעטער אין דעם טעאַ־טער, סיי ביי די שילער. חוץ דעם גודמאַן־טעאַטער האָט ער באַקומען אַ קאַטעדרע פֿאַר דראַמע אין דער סאַנט־פּאַולאָ־אוניווערזיטעט. דאָ האָט ער שוין דערצויגן זיינע צוויי טעכטער פֿאַר פּעדאַגאָגינס. חוץ דעם געפֿינט ער נאָך ענערגיע פֿאַר אַ ריי לעקציעס אין פֿאַרשידענע אוניווערזיטעטן פֿון לאַנד. ער אַרבעט אומדער־מידלעך און זיין שעפֿערישקייט איז אומבאַגרענעצט.

קאַפּיטל 19

# „נשף בראשית“


אַטש מיר האָבן מיט וואַכטאַנגאָוון געאַרבעט פינף יאָר, האָט ער מיט אונדז אויפגעפירט בלויז צוויי פראַגראַמען. דעם „נשף בראשית“ און די גרויסע פּיעסע „דיבוק“ פון ש. אַנ־סקי, וועלכע איז באַרימט געוואָרן און וועלכע האָט באַרימט געמאַכט די „הבימה“ אין דער גאַנצער וועלט. די ערשטע אויפפירונג איז געווען רעאַליסטיש אויפגעפירט. אויף דעם האָבן זיך שילער באַדאַרפט לער־נען שפּילן, — וואָס הייסט לויט סטאַניסלאַווסקי־סיסטעם — לערנען לעבן אויף דער בינע. אַזוי, אַז דאָ האָט וואַכטאַנגאָוו ניט געלייגט קיין געוויכט אויף דער אויפפירונג, נאָר אויף די אַקטיאָרן. אין „דיבוק“, אָבער, האָט ער געאַרבעט באַ־זונדער מיט אַקטיאָרן און גאַנץ באַזונדער אויף דער אויפפירונג. צוליב דעם און צוליב נאָך אַנדערע סיבות האָט מען אויף דעם „דיבוק“ געאַרבעט איבער דריי יאָר.

צו דער צייט האָט אויפן רוסיש־דייטשן פראָנט געהערשט אַ פולשטענדיקע אַנאַר־כיע, וועלכע האָט זיך פאַרשפּרייט אַלץ ווייטער און ווייטער איבערן גאַנצן לאַנד. אויפן פראָנט האָבן גענעראַלן און אָפיצירן פאַרלאָרן זייער אויטאָריטעט איבער די סאָלדאַטן און אין די שטעט האָט די פּאָליציי פאַרלאָרן איר מאַכט איבער דער באַפעלקע־רונג. ס'איז געוואָרן געפערלעך צו גיין איבער מאָסקווער גאַסן. ניט נאָר אין די

נעכט, נאָר אַזוי שנעל ווי די זון איז פאַרגאַנגען, האָבן זיך מענטשן געאײַלט צו זייערע היימען. יעדן פרימאָרגן פלעגן זיך דערטראָגן קלאַנגען וועגן די רויבערייען און מאָרדן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. באַנען אין פּוילן גאַנג פלעגן אַטאַקירט ווערן פון באַנדיטן. אַזוי איז אומגעקומען איינער פון מײַנע גוטע פרײַנט, וועל־כער איז געפאָרן פון סמאָלענסק קיין מאָסקווע. דער קאָנדוקטאָר איז אַרײַן אין זײַן קופּע און האָט אים געפונען אַ באַרויבטן און אַ דערשאָסענעם. מערערע מאָל פלעגן מיר, אויפן וועג צוריק פון וואַכטאַנגאָוון צו אונדזער סטודיע, אַרײַנלויפן אין אַ טויער זיך צו באַשיצן פון די קוילן וואָס פלעגן פײַפן איבער די קעפּ. פון דער פאַרגליווערטער ערד פון „ווייסן" רוסלאַנד איז געוואַקסן אין דער פולער קראַפט די מאַכט פון דעם שטאַרקן אַרבעטער־קלאַס. טויזנטער און טויזנטער געשעפטן, פאַבריקן, וואַרשטאַטן זענען אָרגאַניזירט געוואָרן; דער רוסישער פויער — דער גרעסטער שקלאַף — איז ביסלעכווייז געוואָרן באַוווסטזיניק און באַפרייט. און פּלוצ־לינג איז ווי דורך אַ סיגנאַל גאַנץ מאָסקווע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין שלאַכט־פעלד. דאָס איז געווען די דעצידירנדיקע שלאַכט צווישן די „ווייסע" און די „רוי־טע". מיר זענען אַלע פאַרבליבן אין די קעלערס. ביסלעכווייז איז אויסגעגאַנגען ס'עסן, ס'האָט זיך אויסגעלאָשן די עלעקטריע, ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס וואַ־סער. אָבער עפּעס איז געווען אַ געפיל מער פון האָפענונג ווי פון שרעק. די שטי־מונג איז גאָרניט געווען קיין שלעכטע. מען האָט געשפּילט אין קאָרטן, אין לאָטאָ, מען האָט זיך געוויצלט, — ווײַל ס'איז געווען דאָס געפיל, אַז מיט יעדן קנאַל פון אַ שראַפּנעל דערנענטערט זיך אַלץ מער דער אייביקער שלום אויף גאָטס ערד.

זעקס מעת־לעת זענען אַזוי פאַרביי און דאַן איז אַנטשטאַנען אַ רויקייט און ס'האָבן זיך דערהערט די ערשטע קלאַנגען פון דעם הימן פון אַ באַפרייט פאָלק. מען איז געלאָפן צו טויערן, צו פענצטער, אויף די דעכער, פון וועלכע מען האָט געזען די רויטע אַרמיי מאַרשירנדיק. דער ערשטער געדאַנק איז געווען „הבימה". און אַהער צו קיסלאָווסקי פּערעאולאָק נומער 6 איז יעדער איינער פון אונדז גע־לאָפן מיט האַרצקלאַפּעניש, אָן אָטעם... מען איז זיך געפאַלן אויפן האַלדז, מען האָט זיך געקושט מיט טרערן פון שמחה, וואָס מען לעבט. אַלע האָבן זיך אַרומ־געהאַנגען אַרום צמחן און מען האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין אַ „האָרא". צמח — בלייך, מיט ווײַסע ליפּן און אויגן פול מיט טרערן, האָט מיטן גאַנצן קערפּער געקלאַפּט דעם ריטם, געטופּעט מיט די פיס און זײַן הייזעריקלעכע שטימע האָט פאַרקלונגען אַלעמען מיט זײַן אייגענעם הימן: „הכונו, הכונו, הבימה בירושלים". אָבער דער וועג קיין ירושלים איז פאַר אונדז אַלעמען געווען אַ ווײַטער און פאַר נחום צמח איז דער וועג פאַרבליבן אויף אייביק בלויז אַ חלום!

ווי שטאַרק עס זאָל נישט זיין דער גלויבן אין באַשערטקייט, מוז מען אָבער צוגעבן, אַז דער צופאַל שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אונדזער לעבן. צום העברעישן טעאַטער בין איך געקומען דורכן צופאַל פון אַ באַגעגענונג מיט צמחן. עס איז זייער שווער פעסטצושטעלן ווען עס וועקט זיך אויף אין אונדז דער דראַנג צו קונסט. איך מיין, אַז דאָס גייט מיט מיט אונדז פון דעם מאָמענט פון אונדזער באַשאַפונג. ליד, מוזיקאַלישע קלאַנגען, האָבן מיינע טאַטע־מאַמע אין מיר אַריינגעזונגען, און מיר דוכט זיך, אַז זינגען האָב איך אָנגעהויבן צוזאַמען מיטן רעדן. איך האָב זיך אויך באַקאַנט מיט געזאַנג פריער ווי מיט טעאַטער, און ווען צמח האָט מיך איינגעלאַדן צו זען די הבימה־סטודיע, בין איך געווען אויפן וועג צו דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע. מיין עקזאַמען וואָס כ'האָב געהאַלטן פאַר וואַכטאַנגאָוון אין דער הבימה־גרופּע מיט „צו דער שחיטה" פון ח. נ. ביאַליק האָב איך ניט אויסגעהאַלטן. און ראַשעל סטאַראָביניעץ האָט אוממיטלבאַר אויסגעשריגן: „יעווגעני באַגראַטיאָנאָוויטש, זאָל אייך גראָבער זינגען אַ רוסישן ראָמאַנס, וועט איר זי זיכער אַריינגעמען אין טעאַטער...". וואַכטאַנגאָוו האָט דיסקרעט אַ שמייכל געטאָן, צמח האָט עפּעס געברומט אין זיך, שושנה אביבית האָט, מיט איר אייביקער פּאָזע פון אַ פּרימאַדאָנע, געזאָגט, אַז מען מוז אויסהאַלטן אַן עקזאַמען... אָבער וואַכטאַנגאָוו האָט רויק אויסגעהערט אַלעמענס מיינונגען און האָט געזאָגט, אַז איך געפעל אים, און איך בין אָנגענומען געוואָרן אין דער „הבימה".

דראַמאַטישער טעאַטער איז מיר נאָך געווען פרעמד און איך בין אויך ניט געווען זיכער צי איך בין פעיק דערצו, האָב איך זיך ניט אַזוי שטאַרק געפרייט ווען איך בין אָנגענומען געוואָרן. געגרייט האָב איך זיך צו קאָנסערוואַטאָריע און אין דער סטודיע האָב איך נאָר געאַרבעט צו זען ווי ס'וועט גיין. נ. צמח האָט אין מיר אָנגעצונדן דעם ווילן צו בויען און וואַכטאַנגאָוו האָט אין מיר אויפגעוועקט און אַנטוויקלט דעם דראַנג צו שאַפן. אין דעם ערשטן פּראָגראַם פון די איינאַקטערס האָב איך געשפּילט אַ קליינע ראָלע — פאַר שפּרינצע די דינסט אין „די עלטערע שוועסטער" פון ש. אש. איך האָב געהאַט דאָס גליק פאַר דעם ערשטן אַרויסטריט, אַז איך וויג זיך אויף אַ הוידע אַלץ העכער און העכער, און אַזוי ווי אויף אַ הוידע זיצט מען דאָך, האָב איך מיינע פיס אינגאַנצן ניט געפילט... גנעסין האָט געשפּילט דעם אַלטן יודל און ער איז געשטאַנען לעבן מיר הינטער די קולִיסן. ער איז שוין געווען אַ געניטער שפּילער און ער האָט דערפילט מיין צושטאַנד און האָט מיך אַרויסגעשטופּט אויף דער בינע. איך האָב זיך אויף דער בינע פאַרהאַלטן בלויז עטלעכע מינוטן, גערעדט עטלעכע ווערטער,

געבונדן און אַלץ ניט געקענט פאַרבינדן דאָס פאַרטעך... דאָס פּובליקום האָט געלאַכט, די פּרעסע האָט געשריבן, אַז „די דינסט איז דער איינציקער בונטער קאָליר אין דער פאָרשטעלונג", און וואַכטאַנגאָוו האָט מיר געגעבן זיין בילד מיט דער אויפשריפט: „איר האָט זייער גוט און זייער קאָמיש געשפּילט שפּרינצע און איך גראַטוליר אייך מיט אייער אַרטיסטישן געבורט אין טאָג פון געבוירן ווערן פון דער „הבימה". דאָס איז געווען דעם 8־טן אָקטאָבער 1918. אָט אַזוי האָט זיך ליכט געעפנט פאַר מיר דער שווערער וועג פון טעאַטער.

דער הויפּט־פּרינציפּ פון אונדזער גרופּע איז געווען קאָלעקטיוויזם, וואָס מיינט „גלייכבארעכטיקונג". דאָס האָט אָנגעהאַלטן בלויז די ערשטע פּאָר יאָר. אָבער אַזוי שנעל, ווי מען האָט גענומען אַרבעטן אויף דעם „אייביקן ייד" פון ד. פּינסקי, האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען דער אינדיווידואַליזם. מיט דער אַנטוויקלונג פון אינדיווידואַליזם גייט אויך קנאה־שנאה, אינטריגע. אין דער פרידלעכער, שטילער, ריין־שעפערישער אַטמאָספער, וואָס וואַכטאַנגאָוו האָט געשאַפן, האָבן זיך דערהערט היסטערישע קולות, טעמפּע קלאַנגען פון פויסטן אויפן טיש... עס איז געוואָרן אַלץ שווערער אין די ווענט פון דער קליינער סטודיע אויף וועלכער די אַרומיקע וועלט האָט געקוקט ווי אויף אַן אידעאַל! מען האָט אָנגעהויבן בויען מיטן לאָזונג פון „איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם", און מען איז געוואָרן פרעמד, יעדער איינער איז געוואָרן אַ וועלט פאַר זיך. אין מיר האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן דער פאַרלאַנג צו זוכן אַנדערע וועגן. איך בין ניט באַשאַנקען מיט קיין רעוואָלוציאָנערן גייסט און מיינע קאַמף־מיטלען זענען ניט פון פיזישער קראַפט, האָב איך פאַרלוירן דעם גלויבן אין דעם, אַז ס'איז גענוג צו זיין בלויז טאַלאַנטפול און אָנערקענט, בכדי צו וואַקסן און צו פאַרנעמען דעם פאַרדינטן פּלאַץ אין דעם הבימה־קאָלעקטיוו.

## קאַפּיטל 20

# יוגנט ווערט אומרויק...

ון 1915 ביז 1919 איז מיין היימשטאָט ביאַליסטאָק מיט אַלע אַנדערע ווייסרוסישע און פּוילישע שטעט געווען אָפּגעשניטן פון רוסלאַנד. פריער האָבן עס פאַרכאַפּט די דייטשן, נאָכהער איז עס אַריבער צו די פּאָליאַקן. אין משך פון די אַלע יאָרן איז ניט געווען קיין שום פאַרבינדונג מיט משפּחה און פריינט. פּלוצלינג האָבן אָנגעהויבן צו קומען ביאַליסטאָקער שמוגלער קיין מאָסקווע. די וועגן זענען נאָך געווען פאַרמאַכט, אָבער מען האָט געגנבעט גרענעצן, געפירט סחורות און ס'איז געווען לעבעדיק... מיך האָט אַ צי געטאָן „אהיים". ווער עס זאָל מיך אָפּהאַלטן איז ניט געווען. די מאַמע איז שוין ניט געווען און דער פאָטער האָט וועגן מיר ניט צו שטאַרק געזאָרגט. אין סטודיע איז די אַרבעט אָפּגעשטעלט געוואָרן, ווייל וואַכטאַנגאָוו איז אַוועק אין שפּיטאָל אויף צו אָפּערירן זיך. די פרילינג־זון האָט געבראָכן דאָס אייז און אויפגעדעקט די ביימער. ס'האָט אָנגע־הויבן קלינגען מיט פייגל־צוויטשעריי און יוגנט איז געוואָרן אומרויק. מען האָט אַ זאָג געטאָן „לאָמיר פאָרן" — און איך בין שוין געזעסן אין באַן אויפן וועג קיין מינסק־מאָזאָוויעצק. אין באַראַנאָוויטש זענען הונדערטער מענטשן פאַרהאַלטן געוואָרן אין קאַראַנטין; דאָס האָט געמיינט — וווינען אין אַ באַראַק מיט הונ־דערטער מענטשן צוזאַמען; דאָס האָט געמיינט — שלאָפן אויף ברעטער, עסן קדחת און וואַרעמען זיך אין דער פרילינג־זון. דאָ האָב איך באַדאַרפט בלייבן

לאַנג... אַזוי לאַנג ווי מען וועט מיך האַלטן. מיין פריינט משהקע ביעלאָסטאָצקי האָט זיך דערוווּסט, איז ער געקומען צופאָרן און פאַרשנעלערט מיין באַפרייונג פון קאַראַנטין.

קיין ביאַליסטאָק בין איך אָנגעקומען ערב פּורים. כ׳האָב אָראָפּגעוואָרפן מיין לייכטן באַגאַזש און בין געלאָפן זען מיין מומע מיט די קינדער. אין דעם קליינעם פּינצטערן קיכל האָב איך געטראָפן די הדר־יינגלעך ביים אויוון, קאָכנדיק עפּעס אַ געקעכץ פאַר „דער מאַמען". איך בין אַריין אין שלאָף־צימערל צו זען אויב ס׳איז נאָך דאָ דאָס בעטגעוואַנט, אָדער מען שלאָפט שוין דאָ אויך אויף ברעטער, און איך האָב דערזען: קלאָר בעטגעוואַנט און פריש־געפּרעסטע צודעקן און פון אונטער אַ קלאָרן טישטעך האָט אַרויסגעשפּיגלט אַ פריש בלאַט לאָקשן. עס האָט פון דעם אַ שמעק געטאָן מיט היימישער קיך, מיט דער באָבעס חלה, מיטן ריח פון געפילטע פיש און צימעס, מיט שבתים און יום־טובים און אויך מיט וואַקס פון יאָרצייט־ליכט...

מיין גרויסע שטאָט ביאַליסטאָק איז עפּעס אַזוי ווי איינגעשרומפּן: די גרויסע מויערן האָבן אויסגעזען ווי איינגעזונקען, די ברוקירטע גאַסן זענען געווען צעשעדיקט, די גרויסע געשעפטן זענען עפּעס געווען קרעמלעך..., מיינע יוגנט־פריינט זענען זיך צעפאָרן, — ווער קיין רוסלאַנד, ווער קיין אַמעריקע. אַ סך פון די שיינע גימנאַזיסטקעס און קאָמערסאַנטקעס זענען אַוועק מיט דייטשע אָפיצירן. אַ סך פון די איבערגעבליבענע האָבן פאַרלאָרן דעם „באַלעבאַטישן" אויסזען...; עס האָט זיך געפילט אַ מין הפקרדיקייט. אויף אַ סך פון די מיידלעך האָט זיך אַרויפגעלייגט אַ שטעמפּל „צוקער־פּושקע". די אינטעליגענץ האָט זיך אַ ביסל פאַרדייטשמערישט און אַ סך פאַרפּויליש, און די איבערגעבליבענע קליינע קולטור־גרופּעס האָבן געקעמפט צוריק אויפצושטעלן דאָס יידישע לעבן.

די ערשטע נאַכט נאָך מיין אָנקומען בין איך געשלאָפן אין אַ האָטעל; אָבער באַלד אויף צומאָרגנס איז געקומען דער פאָטער פון מיין נאָענטסטער חברטע רחל — הער בירגער, און האָט געזאָגט: „מיין ווייב האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל ניט קומען אַהיים אָן דיר", און אַזוי זאָגנדיק האָט ער גענומען מיין טשעמאָדאַן און האָט זיך געלאָזן גיין צו דער טיר. דאָ, ביי די בירגערס, האָב איך דערפילט די היימישקייט, די וואַרעמקייט פון די פאַרגאַנגענע יונגע יאָרן. זיי זענען שוין געווען אַליין; די קינדער זענען זיך צעפאָרן אַזוי ווייט ווי קיין כינע און אַמעריקע; מיין חברטע רחל האָט שוין חתונה געהאַט און איז אויך אַוועק איבערן ים.

האָבן זיי די גאַנצע ליבשאַפט איצט אויסגעגאָסן אויף מיר. דאָ פאַר דער מאַמע בירגער האָב איך זיך אויסגעוויינט, אויסגערעדט, אָנגעוואַרעמט און האָב אָנגע־הויבן בענקען נאָך מאָסקווע, נאָך דער „הבימה". מיין יוגנט־פריינט משה'קע האָט מיך אויפגענומען ווי זיין כלה. וואָס מער איך האָב גערעדט צו אים וועגן מיין וועג מיטן טעאַטער, וועגן מיין צוריקקריכן קיין מאָסקווע, האָט ער אַלץ מער גע־זיפצט און געוויינט. איך קען ניט זען קיין טרערן, דאָס איז איינס פון מיינע גרעסטע פעלערן, האָב איך אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל ווידער קומען. און נאָך עטלעכע חדשים זיין אין מיין געבוירנשטאָט, האָב איך זיך ווידער געלאָזן, דורך אומלעגאַלע וועגן, צוריק קיין מאָסקווע.

דער וועג דורך באַראַנאָוויטש איז שוין געווען פאַרצאַמט מיט פויליש מילי־טער און די איינציקע מעגלעכקייט זיך דורכצורייסן קיין רוסלאַנד איז געווען דער ווייטער אומוועג דורך סוואַלק—דווינסק. איך האָב לאַנג ניט געטראַכט און זיך געלאָזן אין וועג אַריין. ביז סוואַלק בין איך געפאָרן מיט דער באַן, אָבער דאָ בין איך געבליבן שטעקן. מען האָט גערעדט וועגן דעם, אַז עס גייען פורן מיט פּאַסאַזשירן דורך די געדיכטע וועלדער ביז די גרענעצן פון רוסלאַנד. איך בין פאַרפאָרן אין אַ האָטעל. דאָס שטעטל איז מיר געווען פרעמד. די לעצטע קרובים מיט וועמען איך האָב זיך געזען — די גראָסאָוויטשעס און די ליבערמאַנס — זענען געווען אין גראָדנע. אָבער ווי גרויס איז געווען מיין איבעראַשונג, ווען איך האָב דערהערט אַ קלאַפּ אין מיין האָטעל־צימער און ווען איך האָב דערזען פאַר זיך אַן אומבאַקאַנטע שיינע, שוואַרצע, יונגע פריילין, עלעגאַנט געקליידט, וועלכע האָט אַ פרעג געטאָן: „איר זענט חיהלע גראָבער?" — „יאָ, איך". — „מיין נאָ־מען איז חנה־רבקה שאַפּירא. מיין מומע ריוועלע איז די פרוי פון אייער פאָטער, און דער טאַטע מיט דער מאַמע האָבן געזאָגט, אַז איר זאָלט נעמען אייער טשע־מאָדאַן און שוין אַריבערקומען צו אונדז"... די שוואַרצע אויגן ווי קאַרשן אין די פערלדיקע רייד פון חנה־רבקהן האָבן מיך ממש צעגומען. — „נו, גוט, איך וועל גיין מיט אייך, אָבער דעם טשעמאָדאַן וועלן מיר דערווייל לאָזן דאָ, איך דאַרף זיך דאָך ערשט באַקענען מיט אייערע עלטערן". מיט אַ צען מינוט שפּעטער האָבן מיר שוין געעפנט די טיר צו די שאַפּיראָס. מיר איז אַנטקעגנגעקומען אַ דיקע פרוי מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ און מיט אַ ברייט פאַרטעך אויף אירע היפטן, איז מיר אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז און אָנגעהויבן נערוועז מיט אַ טרער צו רע־ן: „מיר זענען אַזוי גליקלעך וואָס איר זענט דאָ. און וואָס הייסט איר וועט שטיין אין אַ האָטעל? די גאַנצע שטאָט ווייסט דאָך שוין, אַז איר זענט דאָ. טאָמער מיינט איר, חלילה, אַז ס'איז ניטאָ פאַר אייך קיין פּלאַץ, איז נאָט, זעט (און זי

האָט אַן עפן געטאָן די טיר צו אַ גרויסער סאַליע), איר זעט אָט די צוויי בעטן ? אין איינער שלאָפט חנה־רבקה און אין דער צווייטער שלאָפט חיה־שרהקע ; איר קענט שלאָפן מיט וועמען איר ווילט...". מיר איז געוואָרן היימלעך פון דער אויפנאַמע און איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל שלאָפן מיט חנה־רבקהן. עפּעס זענען מיר שוין דורכגעגאַנגען די גאַס, זיך צעשמועסט און זיך נענטער באַקענט. דער הער שאַפּיראָ — אַ נידעריקער, שיינער מאַן מיט אַ פּיין, קליין בערדל און מיט די זעלבע שוואַרצע אויגן ווי חנה־רבקה — האָט וואַרעם געדריקט מיין האַנט און האָט רויק געוואַרט ביז זיין פרוי האָט מיך איינגעאָרדנט, און ערשט דאַן איז מען אַריין אין אַ טונקל, אָבער גראַם עסצימער און מען האָט זיך אַרומגעזעצט אַרום גרויסן טיש, און ביים קאַכעדיקן סאַמאָוואַר האָט מען אָנגעהויבן פרעגן, אויספרעגן און דערציילן. איך האָב זיך דאָ ווידער דערפילט אין דער היים. און פון דעם וויזיט מיינעם ביי די שאַפּיראָס, האָב איך אַרויסגעפירט נייע פריינט, גוטע דערינערונגען און אַ מעשהלע, וואָס דאַרף פאַרצייכנט ווערן אַלס אַן אמת פאָלקס־מעשהלע :

ווען מיר זענען אַזוי געזעסן ביים טיש און געפירט דעם געמיטלעכן שמועס, איז אָנגעקומען אַן אַלטיטשקע, קליינינקע, באַבערדלט יידעלע, אַ ווייטער קרוב פון אַ נאָענטן שטעטל. טרעפנדיק מיך — אויך אַ גאַסט — איז ער געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהייט. די פרוי שאַפּיראָ האָט אים באַרויקט, אַז איך שלאָף שוין מיט חנה־רבקהן און אַז ער האָט פּלאַץ, דאָ אין עסצימער, אויף דער קאַנאַפּקע. מען איז געגאַנגען שלאָפן פרי, ווייל דער מאָרגנדיקער ערב שבת הייבט זיך אָן פאַר־טאָג. און פרייטיק גאַנץ פרי האָט מיך טאַקע אויפגעוועקט אַ טומל אין צווייטן צימער. די באַלעבאָסטע רעדט צום דינסטמיידל : „ווייסט, כ'האָב דאָך דיר נעכטן אַליין געגעבן געלט זאָלסט אַרויפברענגען פון קרעמל אַ טאָפּ בוימל, נו, איז ניטאָ קיין בוימל, ווו זשע איז דער טאָפּ ?". די דינסט שווערט זיך, אַז זי האָט טאַקע אַרויפגעבראַכט דעם טאָפּ מיט בוימל און זי פאַרשטייט ניט, ווו ס'איז איינגע־זונקען געוואָרן. פּלוצלינג עפנט זיך די טיר צו אונדז אין סאַליע און פרוי שאַ־פּיראָ אויף די שפּיץ־פינגער גייט אַרום דעם טיש, גייט צו צום בעט ווו חיה־שרהקע איז געשלאָפן : „חיה־שרהקע, סט'אפשר געזען דעם טאָפּ מיטן בוימל ?" חיה־שרהקע : „אַ... אַ... וואָס פאַרא טאָפּ, וואָס פאַרא בוימל, אוי!...". די מאַמע : „ש־ש־שאַ!" — נאָכהער קומט זי צו צו אונדזער בעט, בייגט זיך אַרי־בער איבער מיר צו חנה־רבקהן : „חנה־רבקה, חנה־רבקה, דו'סט ניט געזען ערגעץ דעם טאָפּ מיטן בוימל ?" חנה־רבקה : „וואָס פאַרא טאָפּ, וועלכער בוימל, וואָס פאַרא טומל פאַרטאָג ?". די מאַמע : „ש־ש־ש... שריי ניט! אַ מענטש איז גע־

קומען מיד פון וועג, לאָז איר שלאָפן, לאָז!". די מאַמע איז אַרויס פון צימער. איך בין ווידער איינגעשלאָפן. ווען כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך שוין די שוועסטערס נישט געזען אין די בעטן, און פון עסצימער האָט זיך שוין דער־טראָגן דאָס קלאַפּן פון לעפעלעך אין גלעזער און פון מעסערס וואָס שניידן האַרטן קעז. איך האָב זיך אָנגעטאָן און בין אַרויס צום טיש: „אַ גוט מאָרגן", זאָג איך און פרעג: „וואָס איז טאַקע געוואָרן מיטן טאָפּ און מיטן בוימל?" די באַלע־באָסטע: „אוי וויי, מיר האָבן אייך אוודאי ניט געלאָזט שלאָפן? אָבער איז עס ניט אַ מערקווירדיקע זאַך, אַז...", און ביי די ווערטער פאַלט אַרויס דאָס לע־פעלע פון דער האַנט פון דעם יידן — דער גאַסט פון קליינעם שטעטל — און ער שטאַמלט אַרויס: „אפשר מיינט איר אָט דעם טאָפּ, וואָס איז געשטאַנען דאָ אונטער דער קאַנאַפּע? איך האָב געמיינט, אַז עמעצער, פאַר מיר, האָט עס אַי־בערגעלאָזט, האָב איך עס אויסגעגאָסן...". אָט דאָס איז איינע פון די פאָלקס־מעשהלעך פון אונדזער קוואַל וואָס איז טיף, נישט אויסצושעפּן.

## קאַפּיטל 21

# דורך פעלדער און בלאָטע



מעט א וואָך צייט בין איך פאַרבליבן אין סוואַלק, ביז מען האָט מיר מודיע געווען, אַז עס שטעלט זיך צונויף אַ פור מיט פּאַסאַזשירן, און אַז דער בעל־עגלה נעמט זיך אונטער דורכצושמוגלען מיט אונדז די גרענעץ. איך — איין פרוי, מיט זיבן מענער האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. פון גאַנץ פרי ביז נאָך האַלבן טאָג איז מען געפאָרן מיט שאָסיי און דאַן איז מען אַריין אין אַ געדיכטן, ערטערווייז זומפּיקן וואַלד. מיינע מיטפאָרער זענען געווען: צוויי חסידים — איינער האָט געפירט טלית און תפילין און דער צווייטער האָט געפירט אַ קליין וואַליזקעלע, וואָס ער האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון זיינע הענט; צוויי קריסטן — איינער איז געווען טויב און שטום (אַזוי האָט דער צווייטער דערקלערט)...; איין ייד, אַ מיטליעריקער, אַ זייגערמאַכער פון דווינסק; אַ יונגער בחור שוין אין באַקי־אוניפאָרם (ער איז געווען קאָמיסאַר אין ביאַליסטאָק, ווען די „רויטע" זענען דאָרט געווען), און נאָך איינער, מיינער אַ ביאַליסטאָקער — דער שיינער בחור שטערנפעלד, פאַר וועמען אונדזערע גימנאַזיסטקעס האָבן מורא געהאַט און נאָכ־געלאָפן אים... מיר זענען אָפּגעפאָרן דעם גאַנצן טאָג ביז די זון האָט אָנגע־הויבן אונטערגיין און עס האָבן זיך שוין דערטראָגן ווייטע אָפּקלאַנגען פון פראָנט — אַ שיסעריי פון האַרמאַטן. דער בעל־עגלה האָט צוגעבונדן די פערד צו די ביימער און איז אַוועק זוכן אַ וועג דורך וואַנען מען קען זיך אַריינשמוגלען קיין

רוסלאַנד. דער חסיד האָט זיך געשטעלט דאַווענען מעריב ווי ביי זיך אין בית־מדרש. מיר האָבן רויק געוואַרט און די צוויי קריסטן זענען געווען נערוועז און אומרויק: אין אַ קורצער ווײַלע אַרום איז דער פורמאַן צוריקגעקומען מיט שרעקלעכע מעשׂות, אַז עס ליגן געהרגעטע פערד אין וואַלד און אַז ער קען ניט ריזיקירן מיט זײַן לעבן; ער האָט אַ ווײַב מיט קינדער און ער מוז זיך אומקערן צוריק אַהיים! ס'טײַטש! און מיר?! כאַטש נעם און גיי צופוס... דער רעדעוודיקער גוי האָט ניט טראַכטנדיק לאַנג, אַ שפּרונג געטאָן אויפן געזעס פונעם וואָגן, אַ יאָג געטאָן דאָס פערד און מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף אַ שמאָלן, צעשעדיקטן וועג אין געדיכטן וואַלד אַרײַן...

איך טראַכט זייער אָפט וועגן דעם גורל פון יענעם פערדל וואָס האָט אונדז אַזוי געטריי דערפירט ביז צו דער רוסישער טעריטאָריע. דעם וועג האָט קיין איינע פון אונדז ניט געוווּסט. מיר זענען געפלויגן מיט דעם „אָדלער" ביז טיפער נאַכט. דאָס פערד, אַ סאָפּענדיקס, האָט זיך אַלץ אָפטער אָפּגעשטעלט. די קנאַלן פון די האַרמאַטן זענען געוואָרן אַלץ שאַרפער; מען האָט ממש אָנגעהויבן פילן דעם ריח פון פולווער און בלוט. די שוואַרצע נאַכט האָט אָנגעהויבן גראָען און איז געוואָרן אַלץ העלער און העלער. און אַז עס זענען אין הימל אויפגעקומען די ערשטע פאַסן פון זון־אויפגאַנג, האָבן די חסידים געבעטן מען זאָל אָפּשטעלן דאָס פערד און וואָגן. דער חסיד האָט רויק אָנגעטאָן טלית און תפילין און האָט זיך געשטעלט דאַווענען; זײַן גלויבן און זײַן תפילה־טאָן אין אַ צײַט ווען מען זעט דעם טויט פאַר די אויגן, האָט אונדז אָנגעפילט מיט אַ מיסטישן בטחון אין אַ נס, און... מיר האָבן איבערגעגעבן אונדזער גורל צום פערדל... פּלוצלינג האָבן מיר דערהערט אַן אויסגעשריי: „סטאָפּ!". אַ פחד איז אונדז באַפאַלן. מיר האָבן זיך אומגעדרייט און דערזען צווישן די געדיכטע ביימער אַ סאָלדאַט אין אַ רוסישן אוניפאָרם. פון גרויס איבעראַשונג און פרייד האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן אים אַנטקעגן. ער האָט אויסגעשטרעקט צו מיר די ביקס און אויסגעשריגן: „איר זענט אַרעסטירט!". איך בין געוואָרן מער פאַרחידושט ווי דערשראָקן.

אַניקשטי האָט געהייסן דאָס ליטווישע שטעטעלע וווּהין ער האָט אונדז געבראַכט, און אין הויז פון רב זענען מיר איבערגעשלאָפן יענע נאַכט אונטער דער וואַך פון אַ רוסישן סאָלדאַט. באַלד נאָך אונדזער אָנקומען האָט מען מיך אַרײַנגעפירט אין דעם שטאַב־קוואַרטיר, וווּ אַ יונגער קאָמיסאַר האָט מיך פיין אויפגענומען. מיר זענען אפילו געגאַנגען שפּאַצירן איבערן שטעטל, גערעדט וועגן מאָסקווע, וועגן טעאַטער, וועגן דער „הבימה", און איך האָב ערשט שפּעטער פאַר־

שטאַנען, אַז דאָס איז געווען די ערשטע אויספֿאָרשונג. אויף מאָרגן האָט מען
אונדז אַרויסגעפֿירט צום צווייטן שטעטל קופּישקי, ווו מיר זענען שוין אַרעס־
טירט געוואָרן אין דעם שטאַב־קוואַרטיר. דער ערשטער נעפּלדיק־יעשענדיקער
רעגן האָט געשמיסן אין פּנים, דער ווינט האָט געפּייפֿט אין די אויערן און די
בייסיקע קעלט האָט דורכגענומען אַלע גלידער. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים
פֿראָנט פֿון אַן איינשטאָקיקע, טונקעלע געביידע. מיר זענען אַריינגעפֿירט געוואָרן
אין אַ גרויס צימער באַלויכטן פֿון איין גאַז־לעמפּל. אין אויוון האָט געקנאַקט
דאָס פֿייער ביי וועלכן אַ גרופּע סאָלדאַטן האָבן זיך געוואַרעמט. מיר האָבן מיט
פֿרייד אָנגענומען די איינלאַדונג צו טיילן מיט זיי די געבאַקטע קאַרטאָפֿל און עס
האָט זיך צווישן אונדז פֿאַרבונדן אַ פֿריילעכער שמועס. איך האָב דאָ פֿאַרקניפּט
אַ פֿריינטשאַפֿט וואָס האָט מיך נאָכגעפֿאָלגט אין מאָסקווע. צוויי טעג זענען אָנגע־
גאַנגען כסדרדיקע אויספֿאָרשונגען און אויפֿן דריטן טאָג האָט מיר מיין נייער
פֿריינט, דער רויטאַרמייער, געבראַכט די שלעכטע נייעס, אַז מען שיקט אונדז אַרי־
בער צו דער דווינסקער טורמע, און אַז דאָס איז זייער ערנסט — אַזוי ערנסט,
אַז ער האָט מיך גענומען אויף אַ שפּאַציר און געראָטן מיר, אַז איך זאָל לויפֿן.
„איך בין פֿאַר אייך איצט פֿאַראַנטוואָרטלעך, און דאָך זאָג איך אייך: לויפֿט —
איר האָט ניט וואָס צו פֿאַרלירן". איך האָב אַ טראַכט געטאָן און באַגריפֿן, אַז
איך בין טאַקע שנעל אין דענקען, אָבער אין לויפֿן וועל איך ווייט ניט גרייכן...
— און איך בין איצט, שוין אונטער אַ שטאַרקער וואַך, אַנטשידן געגאַנגען אַנט־
קעגן מיין גורל.

אין דער דווינסקער גרויסער טורמע, הינטער די הויכע, פֿאַרמויערטע ווענט,
האָב איך די ערשטע נאַכט פֿאַרבראַכט מיט מיינע זיבן מענער אין אַ קאַמער,
אַזוי קליין, אַז אַלע האָבן געמוזט שטיין, בכדי צו געבן די מעגלעכקייט איינעם
אָפּצורוען זיך אויף דעם שטיינערנעם פֿאָל. מען האָט זיך געביטן. אָבער פֿאַר
מיר איז גאַנץ אומדערוואַרטעט אַראַנזשירט געוואָרן אַ ווייך וואַרעם געלעגער:
מיין ביאַליסטאָקער פֿריינט שטערנפֿעלד האָט זיך אויסגעצויגן און אַרויפֿגענומען
מיך אויף זיך. שוין נישט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז איך האָב אין די
פֿינצטערסטע מינוטן פֿון מיין לעבן געפֿונען אַ שטראַל ליכט... די צווייטע נאַכט
האָב איך שוין פֿאַרבראַכט מיט אַ פֿרוי, אַ דאָקטאָר פֿון דווינסקער רויטן־קרייץ.
זי האָט מיר, מיט איר שוואַכער שטימע, דערציילט, ווי מען האָט איר מאַן, אויך
אַ דאָקטאָר, גאַנץ אומדערוואַרט אַרויסגערופֿן פֿון דער היים צום קאָמיסאַריאַט
און ער איז שוין מער ניט צוריקגעקומען... נאָך דעם האָט מען אויך זי צוגע־
נומען פֿון שטוב און מען האַלט זי דאָ. אין דער היים זענען פֿאַרבליבן צוויי

קינדער, איינער צען און איינער צוועלף יאָר אַלט. מיר האָבן גערעדט זיצנדיק אויפֿן הארטן דיל, אָנגעשפּאַרט אָן דער קאַלטער וואַנט. די נאַכט איז צוגעפֿאַלן און די פֿינצטערניש האָט אָנגעהויבן שווינדלען פֿאַר די אויגן. די שטילקייט אַרום האָט געסודעט פֿון טויט. דער זייגער אויפֿן מאַרקפּלאַץ האָט אויסגעשלאָגן צוועלף, ווען איך האָב דערהערט ווי אַן אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים טויער... אין דעם זעלבן מאָמענט האָב איך דערזען ווי די קליינינקע צאַרטע פֿיגור פֿון דער פֿרוי איז אויפֿגעשפּרונגען און מיט איר גאַנצער קראַפֿט האָט זי זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט. איך האָב זיך אַ ציִ געטאָן צו איר און דערהערט איר שוואַך הייזעריק קול: „ש־ש־שאַ״!... דאָס בלוט איז מיר פֿאַרפֿרוירן געוואָרן! אין עטלעכע מינוט אַרום האָב איך דערהערט פֿון צווייטן צימער, ווו ס'זענען געווען ביז אַ הונדערט אַרעסטירטע, ווי מען רופֿט אויס נעמען. נאָך דעם האָב איך געהערט ווי די מאַשין איז אָפּגעפֿאָרן און כ'האָב דערזען ווי דער שוואַכער שאָטן פֿון דער פֿרוי האָט זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד... קורץ נאָכדעם האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ שטיל פֿאַרשטיקט געוויין. די ערשטע גרויע פֿאַרטאָגיקע שיין איז געפֿאַלן אויף איר בלייך, מיד פּנים ווען זי האָט אַרויסגעזאָגט: „פּונקט אַזוי יעדע נאַכט... און אינדערפֿרי דערוויסט מען זיך ווער די קרבנות זענען געווען״. דריי טעג האָב איך פֿאַרבראַכט דאָרט מיט דער פֿרוי, געטיילט מיט איר די זופּ וואָס מען פֿלעגט איר שיקן פֿון דער היים און געלייענט די צעטעלעך פֿון די קינדער, וואָס זענען געווען פֿאַרשטעקט אינעם דעקל פֿון דעם טערמאָז. און דריי נעכט האָבן מיר ביידע מיט אַ פֿאַרהאַלטענעם אָטעם און פֿאַרפֿרוירן בלוט זיך צוגעהערט צום צופֿאָר און אָפּפֿאָר פֿון דעם „טויט־אויטאָמאָביל״.

ס'האָבן זיך געצויגן טעג פֿון אויספֿאָרשונגען, ביז אַ פֿרימאָרגן ווען איך האָב דערהערט ווי מען האָט אָנגעהויבן אויסצורופֿן נעמען פֿון מיין גרופּע. דאַן האָב איך דערהערט מיין נאָמען. מיינע אבֿרים זענען ווי פּאַראַליזירט געוואָרן און כ'האָב דערפֿילט, אַז איך שטאַרב אָפּ. מיינע אויגן האָבן עפּעס געזען, מיינע אויערן האָבן געהערט, אָבער דער געדאַנק האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיינע פֿיס זענען געטראָטן אין אָפּגרונט. און דאַן האָט זיך צו מיר דערטראָגן עפּעס ווי פֿון אַן אַנדער וועלט: „איר זענט פֿריי צו גיין אין אַלע פֿיר עקן״.

מיט אַ פּאַק פּאַפּירן אין מיינע הענט האָבן מיך מיינע טריט לאַנגזאַם דערפֿירט צום טויער פֿון דער טורמע. אויף דער צווייטער זייט פֿון טויער האָבן מיך באַגעגנט אַ גרופּע יונגע פֿריילינס. מ'האָט מיך געקושט, מ'האָט מיר דערלאַנגט בלומען און פּעקלעך עסנוואַרג; איך בין נאָך אַלץ געווען ווי אין אַ טראַנס. דער ערשטער קלאָרער

געדאַנק מיינער איז געווען: דאָס איז וואָס סטאַניסלאַווסקי מיינט מיט זיין טעאָ־ריע פון „לעבן און אמת". איך האָב אַזוי נאַטירלעך און שטאַרק איבערגעלעבט דעם געפיל פון טויט, אַז ס'איז מיר שווער געווען צו קומען צוריק צום לעבן. איינע פון די מיידלעך איז געווען די שוועסטער פון מיין נייעם פריינט, דעם רויטאַרמייער, וועלכער האָט איר געלאָזט וויסן וועגן מיר און געבעטן, זי זאָל זען צו טאָן וואָס נאָר מעגלעך פאַר מיר. איך בין באַפרייט געוואָרן צוזאַמען מיט בלויז פינף פון די מענער. די צוויי קריסטן, די דייטשן, האָבן שוין מער קיינמאָל נישט געזען די ליכטיקע וועלט. איינער פון די פינף איז פאַרבליבן אין דווינסק און די איבעריקע זענען אַריין אונטער מיינע פליגל. איך האָב געקראָגן ביי די מיידלעך באַן־בילעטן און צדה־לדרך און איך בין אַוועק מיט „מיינע מענער" קיין מאָסקווע.

איך בין אַראָפּ פון באַן און גלייך אַוועק צו דער „הבימה". דאָרט האָב איך געטראָפן מיין חבר משה הלוי, וועלכער האָט שוין געהאַט אויפן האַנט כל מיני פּאַפּירן מיט אונטערשריפטן פון סטאַניסלאַווסקין, לונאַטשאַרסקין און אַנדערע, און מיט דעם אַלץ האָט ער באַדאַרפט נעמען די נאָענטסטע באַן קיין דווינסק, בכדי מיך צו באַפרייען. אויך דאָס איז געווען אַ דאַנק דעם געוויסנהאַפטן רויטאַרמייער, וועלכער האָט טעלעגראַפיש געלאָזט וויסן אין דער „הבימה" וועגן מיין אַרעסט.

איך בין אַראָפּגעקומען פון „אויסלאַנד" מיט אַ פּאָר הויכע פאַרשנורעוועטע שיך פון ווייסע לעדער מיט שוואַרצן לאַקיר; אין אַ זייער עלעגאַנטן קאָסטיום פון גראַנאַט־שטאָף מיט נאָרקעס באַפּוצט און גענייט ביים בעסטן שניידער מע־טעליץ; אין אַ שיינעם הוט געקויפט אין פראַנצויזישן „סאַלאָן" ביי מאַדאַם גאָט־ליב, וואָס פלעגט אייך באַגעגענען מיט אַ „באָנזשור", באַגלייטן מיט אַ „רעוואַר" און פאַרקויפן אייך היטעלעך, ווייל „סע שיק" און „סע קאָמעליעפאָ". צו דעם האָב איך נאָך אַראָפּגעבראַכט מיט זיך אַ פּאָר גרויסע, לאַנגע, שווערע אוירינגלעך, אויסגעזעצט מיט זאַפּירן און עכטע דימענטן — דאָס איז באמת געווען אַן אַנטיק. טאַקע אין דעם גאַנצן אָנטועכץ האָב איך, אגב, באַגעגנט דאָס ערשטע מאָל דעם נאַטשאַלניק פון דער דווינסקער טורמע, — איך האָב נאָך צו דעם אַלעמען גע־האַלטן מיין גיטאַרע אין דער האַנט און געזונגען אַ ראָמאַנס, צו וועלכן די אַרעס־טאַנטן האָבן זיך צוגעהערט. איך קען זיך איצט אַליין ניט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון פאַרוואָס איך האָב זיך אַזוי געהאַלטן. אפשר בכדי צו באַווייזן, אַז איך בין טאַקע אַ שוישפּילערין און אפשר איז עס געווען אַ מין זאָרגלאָזיקייט. אַ פאַקט איז, אַז מיט דער דערציילונג בין איך אַריינגעפאַלן אין דער סטודיע און די גאַנצע דראַ־

מע פון די לעצטע וואָכן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָמעדיע. איך געדענק אויך ניט ווי לאַנג איך האָב געטראָגן די שיך מיט דעם היטעלע... ס'האָט זיך ניט אַריינגעפּאַסט אין דער צעשטערטער מאָסקווע.

מיין פאָטער מיט מיין מומע און די קינדער — איר זון עלינקע און מיין קוזינע געניטשקע — זענען אין אַ קורצער צייט אַרום אַרויסגעפאָרן טאַקע קיין ביאַליסטאָק. איך בין צום ערשטן מאָל געבליבן אינגאַנצן אַליין. אַלס מיטגליד פון אַרטיסטן־פאַריין האָב איך באַקומען די דערלויבעניש אויף אַ גרויס צימער, אָבער נאָך דעם פולן רייכן הויז פון מיין פאָטער איז דאָ געווען פוסט און אָרעם. מער פון אַלעמען האָט מיר געפעלט מיין קליינע געניע. איצט ערשט האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן די אמתע עלנט און די פולשטענדיקע אָרעמקייט. די ערשטע צייט נאָך זייער אַוועקפאָרן פלעג איך שטיין אין דער ריי נאָך דער זופּ פון קאָאָפּעראַטיוון רעסטאָראַן מיט די קאַרטלעך פון דער קליינער געניע. אַז דאָס האָט זיך געענדיקט, בין איך אַריבער צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרופּע אויפן „פּאַיאָק" שוואַרצן ברויט וואָס מען פלעגט באַקן אין דער קיך פון דער סטודיע. די ווינטערן 1921/1920/1919 זענען געווען שרעקלעכע ווינטערן. אַרום איז געווען פראָסט און הונגער און אינעווייניק אין דער סטודיע איז געווען פוסטקייט און יאוש. די אַלע קינסטלערישע דערפאָלגן האָבן קיין פּובליקום צו דעם „קאַסעלע" ניט געבראַכט; קיין העברעיש האָט מען ניט פאַרשטאַנען. און אין אָט דער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן די וווּנדערלעכע, גרויסע ספּעקטאַקלען אין יידישן קאַמער־טעאַטער, פּשוט טאַקע אויף מאַמע־לשון. דאָרט האָט מען האַרציק געלאַכט פון שלום־עליכמען און מען איז אַרויס פון זיי מיט אַזאַ לייכטן געמיט, און דאָ ביי אונדז האָט מען געוויינט אויפן חורבן פון בית־המקדש און מען האָט האָפענונגלאָז געזוכט משיחן... דאָס איז געווען „דער אייביקער ייד" פון ד. פּינסקי אין דער ערשטער אויפפירונג פון אַ רעזשיסאָר מיטן נאָמען מטשידיעלאָוו. אין רעפּערטואַר זענען שוין געווען צוויי פּראָגראַמען: דער אָוונט פון איינאַקטערס און „דער אייביקער ייד". אָבער קיין עולם איז ניט געקומען. די אומצופרידנקייט פון דער גרופּע האָט ווידער געבראַכט נעכט פון דיסקוסיעס, פאָדערונגען, רעזיגנאַציעס. נחום צמח האָט ווידער גערעדט און שוין צום וויפלטן מאָל געענדיקט מיט די ווערטער: „איר וועט נאָך זען ווי הונדערטער מענטשן וועלן שטיין אין דער ריי נאָך בילעטן". אָבער דערווייל האָט ער באַשלאָסן, אַז נאָר ווען עס וועלן זיין אין זאַל וויניקער פון זעקס מענטשן וועט מען אַנאָנסירן, אַז „צוליב טעכנישע סיבות מוז מען אָפּלייגן די פאָרשטעלונג"... און די צוויי ווינטערן זענען אַדורך בלויז מיט „טעכנישע סיבות...".

מען האָט שוין אין דער צייט געאַרבעט אויפן „דיבוק" פון ש. אַנ־סקי. די אַרבעט איז אָבער געגאַנגען לאַנגזאַם און שווער. סיבות זענען געווען צוויי: ערשטנס האָבן מיר ניט געהאַט געגוג מענטשן פאַר דער גרויסער פּיעסע און צווייטנס האָט זיך די קראַנקייט פון י. ב. וואַכטאַנגאָוו אַלץ מער און מער פאַר־שטאַרקט. דערפאַר טאַקע האָט געדויערט דריי יאָר ביז מען האָט פאַרענדיקט דעם „דיבוק". איך האָב אויך דאָ געשפּילט בלויז קליינע ראָלן. אין ערשטן אַקט האָב איך געשפּילט די יידענע וואָס רייסט זיך אריין צום אָרון־קודש מיט אַ יאָ־מער, בעטנדיק רחמים פאַר איר טאָכטער!... איז פון דעם עפּיזאָד געוואָרן אַ גרויסע ראָלע אויף וועלכער די גאַנצע פּרעסע האָט זיך אָפּגעשטעלט און ביים פּובליקום איז עס פאַרבליבן אין זכרון — דוכט זיך מיר — אויף אייביק. אין צווייטן אַקט האָב איך געשפּילט די אַלטע וואָס האָט שוין „פערציק יאָר ניט גע־טאַנצט"... דאָ האָב איך געשפּילט ערלעך, אָבער כ'האָב גאָרניט געשאַפן. איך האָב געזען אין דער ווילנער טרופּע אַ קינסטלערין, פאַלאַ וואַלטער האָט זי גע־הייסן, און כ'האָב ערשט דאַן געזען אויף וויפל איך האָב גאָרניט געשאַפן אין דער ראָלע. ווען פאַלאַ וואַלטער האָט זיך באַוויזן אין איר טאַנץ אויפן קבר פון די פאַרשטאָרבענע חתן־כלה איז אַ ווינט דורכגעגאַנגען איבער מיין לייב און איך האָב אַ ציטער געטאָן ווען כ'האָב דערהערט איר קול! — פאַר מיר איז דאָס געווען דער שטאַרקסטער מאָמענט אין זייער אויפפירונג. די ווילנער טרופּע האָב איך געזען אין ביאַליסטאָק נאָך איידער אונדזער „דיבוק" איז געווען פאַרטיק, אָבער מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן. און דאָס איז געווען ביי מיין צווייטן באַזוך אין ביאַליסטאָק.

## קאַפּיטל 22

# לעגאַטאָ און סטאַקאַטאָ

ער „דיבוק" איז געווען די איינציקע גרויסע פּיעסע וואָס וואַכטאַנגאָוו האָט מיט אונדז געשטעלט און דערפאַר דערלויב איך זיך דאָ מער אויספירלעך צו באַשרייבן די אַרבעט אונדזערע. דער מחבר פון „דיבוק", ש. אַנ־סקי, האָט געהאַט פאָרגעשלאָגן די פּיעסע דעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער און סטאַניסלאַווסקי איז טאַקע געווען באַגייסטערט און מען האָט שוין אָנגעהויבן אין זייער טעאַטער אַרומצורעדן די ראָלן. אָבער ווען נ. צמח איז געקומען צו סטאַניסלאַווסקין און געזאָגט, אַז די „הבימה" וויל עס אויפפירן, און ווען ער האָט אָנגעהויבן צו דער־ציילן דעם „נישט־יידן" וועגן אונדזער וועלט פון חסידיש און לעגענדע, האָט סטאַניסלאַווסקי דערשפּירט מיט זיין גרויסער קינסטלערישער אינטויציע, אַז די פּיעסע געהערט צו יידן . . . און ווען ער האָט שפּעטער געזען אַ פּראָבע פון ערשטן אַקט, האָט ער געזאָגט: „ביי אונדז אין טעאַטער איז באַשטימט געוואָרן, אַז די חסידים גייען אָנגעטאָן אין קורצע אויסגעריבענע פּידזשאַקלעך" . . . אין אַלע לענ־דער פון דער וועלט האָבן פאַרשידענע מענטשן געשטעלט די פראַגע: „ווי אַזוי האָט וואַכטאַנגאָוו — אַ קריסט, געקענט באַגרייפן און באַשאַפן די פאַרוואָרצלטע יידישע לעגענדע?", און דאָס איז אויך איינע פון די אורזאַכן פאַרוואָס איך וויל זיך אָפּשטעלן לענגער אויף דעם קאַפּיטל. איך האָב שוין געשריבן דאָ וועגן דעם, אַז וואַכטאַנגאָוו איז געווען אַן אַרמענער. דער גורל פון זיין פאָלק איז זייער ענ־לעך צו אונדזער יידישן גורל. די אַרמענער זענען אַן אַלט קולטורעל פאָלק וואָס

איז געווען אונטער דער הערשאַפט און פאַרפאָלגונגען פון טערקיי. די טערקישע סולטאַנען האָבן סיסטעמאַטיש אויסגעקוילעט די אַרמענער. ס׳איז געווען אַ צייט — אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט — ווען די שחיטות פון די טערקן אויף אַר־מענער האָבן אַרויסגערופן פּראָטעסטן פון דער גאַנצער קולטורעלער וועלט. דאָס בלוט פון די מיליאָנען אויסגעקוילעטע האָט געלאָזן אַ שטעמפּל אויפן פאַרבלי־בענעם אַרמענישן פאָלק. די אַרמענער האָבן פון תמיד אָן געהאַט אַ וואַרעמקייט צו יידן. מיט דער דאָזיקער איינגעבווירענער וואַרעמקייט איז וואַכטאַנגאָוו צוגע־קומען צו דער „הבימה". דער ערשטער עטאַפּ פון דער אַרבעט, באַלד נאָך דעם ווי מען האָט געלייענט און אָנגענומען דעם „דיבוק", איז באַשטאַנען אין דערציילן לעגענדעס, פאָלקס־מעשהלעך און אין זינגען חסידישע ניגונים. גאַנצע נעכט פלעגן אַוועקגיין אין דער וועלט פון אַלטן, יידישן, חסידישן שטעטל.

וואַכטאַנגאָוו האָט זיך געפילט היימיש אין דער אַטמאָספערע אונדזערער און ער האָט ליב געקראָגן אונדזערע חסידישע ניגונים; ליב געקראָגן, זיך איינגע־לעבט אין זיי און האָט שוין גוט געזונגען אונדזערע ניגונים. עס איז אַ פאַקט, אַז די ניואַנסן אין די ניגונים, פּונקט ווי די אינטאָנאַציעס פון די רייד, איז די שאַפונג פון וואַכטאַנגאָוון. לויט דעם סיסטעם פון סטאַניסלאַווסקי הייבט אַן אַק־טיאָר ניט אָן פון רעפּעטירן און אַ רעזשיסער הייבט ניט אָן פון אויפפירן די פּיעסע, ביז מען ווערט ניט פאַרטיק מיט דעם טעקסט: מען זוכט די אידעע וואָס דער אויטאָר האָט געוואָלט אַרויסברענגען מיט זיין ווערק; דאַן זוכט מען די הויפּט־אַקציע פון יעדן אַקט; נאָכדעם, דעם זין פון יעדן איינציקן טייל פונעם אַקט און אויך וואָס עס געפינט זיך אין צווישן די שורות (געדאַנקען באַהאַל־טענע, ניט אַרויסגעזאָגטע). ערשט דאַן הייבט מען זיך אָן גריבלען אין דער אויפגאַבע פון יעדן שוישפּילער באַזונדער, און ניט נאָר אין דער אויפגאַבע זיי־נער, נאָר אין זיין לעבן, ביז ער איז צוגעקומען צו דער סיטואַציע פון דער ראָלע אין דער פּיעסע. ערשט דאַן הייבט זיך אָן די אַרבעט מיט יעדן שוישפּילער באַ־זונדער, נאָכדעם מיט די צוויי וואָס האָבן אַ דיאַלאָג צווישן זיך, און אַזוי פאַרגרעסערט מען און מען פאַרברייטערט די אַרבעט ביז צו אַ גאַנצן אַקט. וואַכ־טאַנגאָוו האָט קיינמאָל ניט געגעבן קיינעם פון די שוישפּילער קיין אינטאָנאַציע, אָבער ער פלעגט אַזוי לאַנג אַרבעטן מיט אַ שוישפּילער, אַליין זוכן און דער־קלערן, ביז מען האָט געפונען דעם ווירקלעכן זין פון דער אויסטייטשונג.

ווי געזאָגט, איז וואַכטאַנגאָוו אין דער אַרבעט געווען אַ טרייער נאָכפאָלגער פון זיין גרויסן מייסטער סטאַניסלאַווסקי. אָבער באַלד נאָך דער רעוואָלוציע האָט

זיך אָנגעהויבן א טענדענץ צו פארניכטן אַלץ פון דעם נעכטן און אָנהייבן א נייעם „היינט". דאָס אַלטע מוז פארגעסן ווערן און דאָס לעבן הייבט זיך אָן אויפדאָסניי. די זעלבע לאָזונג איז אויך געווען פארן טעאטער. אין דער זעלבער צייט איז וואכטאנגאָוו ארוים מיט זיין פראָקלאמירונג, אַז: די טעאָריע פון סטאניסלאַווסקי מוז בלייבן ווי א פונדאמענט אין טעאטער פאר אַלע צייטן! „לעבן" און „אמת" זענען אייביק, — בלויז די פאָרם און דער ריטם בייטן זיך. סטאניסלאַווסקי האָט אָנגעהויבן זיין ארבעט אין אָנפאַנג פון אונדזער יאָרהונדערט, נאָך איידער די מאשין האָט אָנגעהויבן צו רעגירן די וועלט און ווען באַנען זענען נאָך געגאנגען מיט א שנעלקייט פון 25 מייל א שעה... ס'איז געווען אין דער צייט ווען טשע־כאָווס „שוועסטער" האָבן בלויז געקענט חלומען פון מאָסקווע; ווען פרויען פלעגן אָפּשטאָטן לאַנגע וויזיטן; ווען א מיטיק פלעגט דויערן א פיר שעה. ס'איז געווען אין א צייט, ווען א סך מענטשן האָבן בלויז געקענט טרוימען פון א גראַ־מאָפאָן און די קאטערינקעס אויף די גאסן פלעגן צוציען א גרויסן עולם. עס איז געווען די צייט ווען „פריילינס" האָבן געזיפצט אין בענקשאפט נאָך א פריילינג־ווינטל אין מיטן ווינטער. עס איז געווען דאַן נאַטירלעך, אַז סטאניסלאַווסקי, זוכנדיק „לעבן" און „אמת" אין טעאטער, האָט שטענדיק גערעדט וועגן רונדע, פּלאַסטישע ליניעס, וועגן לאַנגע פּויזעס, וועגן טיפע זיפצן, זאַנפטע שטימען, פיי־נע באַנעמונג — אין קורצן: „גראַציעז לעבן". ער איז דאַן טריי געווען צום לעבן פון יענע מענטשן און צום ריטם פון יענער צייט.

וואכטאנגאָוו, אָבער, איז ארויסגעקומען פון קעלער נאָך די מעת־לעתן פון בירגערקריג און האָט דערהערט דורך זיין פענצטער דעם זיגרייכן מאַרש און די יובלדיקע שטימען פון דער רויטער ארמיי און אין דעם זעלבן מאָמענט האָט אין זיין מוח א בליץ געטאָן דאָס וואָרט „ריטם"! און שוין צו די ערשטע פראָבן זיינע אין דער „רויטער מאָסקווע" האָט ער געבראַכט די אידעע פון „נייעם ריטם" און „נייע פאָרם". אנשטאָט דעם סוביעקטיוון זיפץ פון דעם אינדיווידום האָט זיך דערהערט דער קאָלעקטיווער וויי־בראָך פון א פאָלק; אנשטאָט די רויקע פּלאַסטישע באוועגונגען האָט מען דערזען אָפּגעהאַקטע זשעסטן, געבויגענע פיי־גורן מיט שטאַרקע הענט, וואָס האָבן געפאָדערט זייער רעכט אויף ארבעט. דער דאָמינירנדיקער צייכן פון נעכטן איז געווען „לעגאַטאָ" פון וואַלץ. דער דאָמי־נירנדיקער ריטם פון היינט איז „סטאַקאַטאָ" פון מאַרש. די נאַטור אַליין האָט אָפּגעהילכט מיט אנדערע קלאַנגען און דאָס לעבן אַליין האָט אָנגענומען אַן אַנ־דער פאָרם. אָבער לעבן אַליין איז בלויז „רעאַליזם", — וואכטאנגאָוו איז דורך רעאַליזם צוגעקומען צום סימבאָליזם. וואכטאנגאָוו האָט די לעגענדע פון ש. אַנ־

## חיהלע גראַבער

סקי צעטיילט אויף צוויי וועלטן: די וועלט די רייכע און די וועלט די אָרעמע. דאַן האָט ער געשאַפן אַ גאַנצע ריי פיגורן וואָס האָבן סימבאָליזירט די אָרעמע וועלט, און אַלע פיגורן פון דער רייכער וועלט זענען דערהויבן געוואָרן צו סימ־באָלן דורך דער נייער פאָרם. דאַן האָט ער געפונען די שאַרפע אָפּגעהאַקטע זשעסטן, וועלכע האָבן אונטערגעשטראָכן דעם נייעם ריטם פון דער נייער צייט. און דורך דעם אַלעמען איז געשאַפן געוואָרן דער ספּעקטאַקל וואָס האָט באַאיינ־פלוסט נים בלויז דאָס רוסישע טעאַטער, נאָר אויך די טעאַטערס פון אייראָפּע און אַמעריקע, ווו די הבימה האָט שפּעטער געשפּילט.

קאַפּיטל 23

# יולי ענגעל — מ. פּ. גנעסין



ס איז געווען מיט אונדז נאָך אַ קינסטלער, חוץ וואַכטאַנגאָוון, וועלכער האָט אַ סך בייגעטראָגן צום גרויסן דערפאָלג פון „דיבוק“ און זיין נאָמען איז י ו ל י  ע נ ג ע ל. יולי ענגעל איז געווען איינער פון דער גרופּע יונגע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, אַ נאָענטער פריינט פון ש. אַנ־סקי און איינער פון די ערשטע זאַמ־לער פון אונדזער יידישן פאָלקסליד. אין אָנפאַנג פון אונדזער יאָרהונדערט זענען שוין די פּרימיטיווע פאָלקס־שאַפונגען פון אַ סך פעלקער געזונגען געוואָרן אויף גרויסע קאָנצערט־בינעס פון באַרימטע זינגער. אונדזער יידיש פאָלקסליד, אָבער, איז נאָך דאַן געווען באַטראַכט אַלס אַ שאַפונג פון און פאַר דעם פּשוטן פאָלקס־מענטש. און די לידער זענען געזונגען געוואָרן פון דינסטמיידלעך אין די קיכן, פון גאַסן־זינגער אין די הויפן, פון אַרבעטער אין די פאַבריקן. אין די יאָרן 1906, 1907, 1908 האָט די עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט אין פּעטערבורג סובסידירט אַ גרופּע יונגע קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע זענען אַרומגעפאָרן איבער רוסישע שטעט און שטעטלעך צו זאַמלען אונדזערע פאָלקס־אוצרות. די גרופּע איז באַ־שטאַנען פון יוסף אחרון, וועלכער איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַזוי באַרימט געוואָרן מיט זיין „העברעישע מעלאָדיע“, מילנער, קריין, סאַמינסקי און יולי ענ־געל. יולי ענגעל האָט געזאַמלט לידער, באַאַרבעט זיי און אינספּירירט פּראָפעסיאָ־נעלע זינגער אַרויסצוברענגען די לידער פאַר דעם גרויסן פּובליקום. אין 1919, צו דער צייט ווען די הבימה האָט אָנגענומען דעם „דיבוק“, איז יולי ענגעל שוין געווען באַרימט אין די מוזיקאַלישע קרייזן פון מאָסקווע. און טאַקע ביים סאַמע אָנפאַנג פון דער אַרבעט אויפן „דיבוק“ האָט נחום צמח איינגעלאַדן דעם יידישן קאָמפּאָזיטאָר צו שרייבן די מוזיק צו דער גרויסער פאָלקס־לעגענדע. און דאָס איז געווען אַ גליקלעכער צופאַל, ווייל י. ענגעל איז אַ סך אַרומגעפאָרן מיט ש. אַנ־סקי, וועלכער האָט געזאַמלט לעגענדעס. ענגעל האָט געהאַט צו דערציילן אַ סך עפּי־

זאָרן פון די רייזעס זייערע, און איינעם פון זיי וויל איך דאָ איבערגעבן, ווייל ער שפּיגלט אָפּ אַזוי קלאָר די באַציונג צום פאָלקסליד אין יענע יאָרן.



יולי דמיטריעוויטש ענגעל

ענגעל און אַנ־סקי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קליין שטעטל אויף שבת. פּרייטיק אינדערפרי איז ענגעל אַרוים איבערן שטעטל אויף אַ שפּאַציר. גייענדיק אַזוי, האָט ער דערהערט פון אַן אָפן פענצטער אַ יידיש ליד. ער איז צוגעגאַנגען, אַריינגעקוקט, און דערזען אַ דינסטמיידל אין קיך, האַקנדיק פיש און זינגענדיק אַ וווּנדער־שיין פאָלקסליד. ער האָט איר אָפּגעגעבן אַ פּאָר קאָמפּלימענטן און געזאָגט, אַז ער וואָלט זייער וועלן זיך טרעפן מיט איר און הערן איר זינגען. ווען ער האָט איר געזאָגט, אַז ער קומט פון פּעטערבורג און אַז דער צוועק פון זיין באַזוך דאָ איז טאַקע צו זאַמלען און פאַרשרייבן וואָס ער וועט הערן, האָט דאָס מיידל מיט גרויס פרייד איינגעלאַדן אים אויף דעם זעלבן פרייטיק־צו־נאַכטס צוגאַסט. ענגעל האָט די בשורה געבראַכט צו אַנ־סקין און אין אָוונט זענען זיי ביידע אַוועק אַהין. אין קיך ביים אויוון און אַרום טיש זענען געזעסן מיידלעך און בחורים, געקנאַקט

יאָנדרעס און געוואָרפן פאַרשעמטע בליקן אויף די געסט. ענגעל האָט פאַרגע־שטעלט זיין פריינט און האָט געבעטן דאָס מיידל צו זינגען. אָבער... ווי געוואָל־דיק איז געווען זיין פאַרלעגנהייט, ווען די פריילן האָט ארויסגעוויטשעט אן אריע! — ענגעל האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען: „ניין, ניין, ביטע, זינגט דאָס ליד וואָס איר האָט געזונגען אינדערפרי...״, אָבער אויף דעם האָט דאָס מיידל אַ באַליי־דיקטע אַ זאָג געטאָן: „איר זאָלט ניט מיינען, אַז אַ דינסטמיידל ווייס ניט וואָ־סערע לידער זי דאַרף זינגען פאַר פּעטערבורגער געסט״.

אין 1919, ווען איך האָב ענגעלן געטראָפן צום ערשטן מאָל, איז ער אַלט געווען אַ יאָר פערציק. ער איז געווען פון מיטעלן וווקס, מיט אַ ביסל אַ קיילעכיקע פּלייצע, ווי אַ בחור וואָס איז אַ סך געזעסן איבער דער גמרא. ער האָט געהאַט אַ פיינעם שוואַרץ־געקרויזטן קאָפּ, אַ פּאָר שוואַרצע אויגן וועלכע האָבן תמיד גע־ברענט מיט אַ חסידיש פייער פון גלויבן און שעפערישן גייסט. ער האָט אויס־געזען ווי אַן אָריענטאַלישער ייִד, כאָטש ער איז אויסגעוואַקסן און דערצויגן גע־וואָרן אין אַן עכט־רוסישער סביבה און געקראָגן זיין בילדונג פון די גרעסטע רוסישע קאָמפּאָזיטאָרן. די פרוי ענגעל איז געווען אַ זייער באַגאַבטע פּיאַניסטין, אַ וווּנדערלעכע פּערזענלעכקייט, אַ גוטע נאַטור, פיין און איידל. זייביידע מיט די צוויי טעכטער זייערע האָבן געלעבט אין פולער האַרמאָניע. די פרוי ענגעל איז געווען אַ טיפּ פון אַ דאָרפס־פרוי און מען האָט זיך ביי זיי געפילט מער אין אַ דאָרפיש ווי אין אַ שטאָטיש הויז. יולי ענגעל איז געווען פולשטענדיק רוסיפי־צירט און דאָך האָט ער, סיי אויסערלעך סיי אינערלעך, אָפּגעשפּיגלט אַלע אייגנ־שאַפטן פון זיינע אורעלטערן און אָפּגעקלונגען מיט די אומשטערבלעכע טענער פון זיין אייגן פאָלק. אויף וויפל איך פאַרשטיי, האָט די אַרבעט מיט אונדז אויפ־געוועקט אין אים דעם פאַרבאָרגענעם געפיל פאַר חסידיש. אין דער „הבימה״ פלעגן מיר איינאָרדענען ספּעציעלע אָוונטן געווידמעט דער פאָלקס־לעגענדע און דעם חסידישן ניגון. יעדער איינער פלעגט ברענגען צום „חסידישן טיש״, וואָס נאָר ער האָט געדענקט. עס איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז דער לייטמאָטיוו אין „די־בוק״ איז דער „שיר־השירים״, און דאָס איז די גרויסע קאָנטריבוציע וואָס מרים עליאַס האָט אריינגעבראַכט און מיט וועלכער זי האָט אַזוי טיף גערירט יעדן איינעם פון אונדז שוישפּילער און אויך וואַכטאַנגאָוון, ענגעלן און שפּעטער דאָס גאַנצע פּובליקום. אין די אָוונטן אונדזערע האָט מען געקאָנט זען ווי אַזוי דער פאַרפולקאָמטער קאָמפּאָזיטאָר ענגעל פלעגט ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ יונגן סטו־דענט, וועלכער איז דורשטיק נאָך יעדעס ביסל וויסן פון וועמען ניט איז פון אונדז. ס'איז אומפאַרגעסלעך ווי דער מענטש פלעגט זיך אָנצינדן און ווי זיינע

קינדיש־ברענענדיקע אויגן פלעגן לייכטן מיט עקסטאַז. באַטש ענגעל האָט ניט נעשטאַמט פון חסידים האָט ער דאָך פאַרמאָגט דעם אמתן חסידישן ברען. חוץ דעם האָט ענגעל פאַרמאָגט אַן איינגעבוירענעם טאַלאַנט פאַר טעאַטער. דאָס האָט ער אַזוי בולט אַרויסגעוויזן אין דעם אופן ווי אַזוי ער האָט אָרקעסטרירט די „דיבוק"־מוזיק. ער האָט יעדן הויפּט־קאַראַקטער פּערזאָניפיצירט אין אַן אינסט־רומענט: דער טיף־טראַגישער חנן האָט ביי אים אָפּגעקלונגען אין די ווייך־טיפע טענער פון דעם טשעלאָ; דער לייכטער טאַנץ פון די ייִנגסטע מיידלעך איז געווען אונטער די קלאַנגען פון דער פלייט; די אַנגעבלאָזענע מחותנים האָבן זיך באַ־וועגט אונטער די אָפּגעהאַקטע טענער פון טאַפּלבאַס.

א סך מוזיקער האָבן שוין אָנגעהויבן צונויפזאַמלען אונדזערע פאָלקסלידער. די שוואַכערע פון זיי האָבן בלויז פאַרצייכנט די מעלאָדיע. אייניקע פון די בע־סערע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן אויסגעפונען, אַז אונדזער פאָלקס־מעלאָדיע איז צו פרימיטיוו פאַרן „פיינעם" צוהערער און זיי האָבן מאָדערניזירט דאָס ליד אַזוי, אַז עס האָט פאַרלאָרן דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלקסשאַפונג און דערהרגעט דאָס ליד. יולי ענגעל איז געווען דער, וואָס האָט תמיד אָפּגעהיט די שיינע ריינע מע־לאָדיע און געגעבן אַ גוטן פּיאַנאָ־אַקאָמפּאַנימענט, אָדער אַן עכט־ייִדישע אָרקעס־טראַציע, ווי דאָס איז אין „דיבוק". יולי ענגעל האָט ניט בלויז געזאַמלט די פאָלקסלידער, נאָר אויך פּאָפּולאַריזירט זיי. וואָס פאַר אַ טריומף איז עס געווען, ווען דאָס פרימיטיווע, באַשיידענע פאָלקסליד האָט צום ערשטן מאָל אָפּגעקלונגען אויף דער גרויסער אילומינירטער בינע איינגעהילט אין זייד און טיול און פאַר־שימערירט פון עכטע דימענטן. אַזוי האָט אונדזער ליד אַרויסגעטראָגן די אינ־טערנאַציאָנאַלע זינגערין **א י ז א  ק ר ע מ ע ר**. דאָס איז געווען אַ טריומף פאַר די אומבאַקאַנטע שעפער פון די פערל, און פאַר איזאַ קרעמער איז עס געווען אַ שטיק „מזל", ווייל ס'איז דאָך געווען אונדזער פאָלקסליד וואָס האָט זי געמאַכט אַזוי באַרימט און באַליבט. מיין פריינטשאַפט מיט יולי דמיטריעוויטש ענגעל האָט זיך באַזירט אויף אונדזער בשותפותדיקן דראַנג צו אַנטוויקלען די אָנערקענונג פון ליד און חסידישן ניגון. ער האָט פאַר אונדזער גרופּע אויסגעדריקט זיין פולן גלויבן אין מיין צוקונפט אַלס פאָלקס־זינגערין, נאָך אַ סך פריער ווי איך בין געווען צוגעגרייט צו דער קאַריערע. ער האָט געטאָן אַלץ מיך צו דערמוטיקן: ער האָט געאַרבעט מיט מיר פּריוואַט; ער האָט איבערצייגט די פרוי ענגעל, אַז זי מוז מיר אַקאָמפּאַנירן (פרוי ענגעל האָט געליטן פון מורא פאַר פּובליקום); ער האָט מיר געווידמעט די ערשטע צוויי קאָמפּאָזיציעס צו די לידער פון ח. נ. ביאַ־ליק: „מנהג חדש" און „אחת שתים". ער האָט איינגעלאַדן מיין געזאַנג־פּראָפע־

סאַרין און זי איז געזעסן אין דער ערשטער ריי. דער זאַל (אמת אַ קליינער) איז געווען פול און מיט דעם אַלעם איז מיין ערשטער אויפטריט געווען אַ פולשטענ־דיקער דורכפאַל! אָבער דאָס האָט נישט געשטערט דעם סענסיטיוון גייסט — ענ־געלן — פאַרצווזעצן אונדזער אַרבעט. ער האָט נעגלייבט מער אין זיין אינטויציע ווי אין פאַקטן. אַ סך יאָרן זענען פאַריבער, ביז דער חלום מיינער איז געוואָרן וואָר!...

באַלד נאָך דעם ווי מיר האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט אויפן „דיבוק", איז ענגעל אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. די „הבימה" האָט איינגעלאָדן דעם באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר אַלעקסאַנדער קריין און אויך מיכאַיל פּאַביאַנאָוויטש גנעסין, וועל־כער האָט זיך ערשט צוריקגעקערט פון פּאַלעסטינע. מ. גנעסין האָט געבראַכט זיינע לעצטע נייסטע קאָמפּאָזיציעס — קלאַנגען פון מזרח. ער האָט מיט זיי אַריינגעבראַכט אַ פולשטענדיק נייעם טאָן. עס איז געווען ניי סיי לויט דעם קלאַנג פון דער מעלאָדיע גופא, סיי לויט דער אולטראַ־מאָדערנער באַאַרבעטונג. איך בין שוין דאַן געווען צוגעגרייט אויפצונעמען די לידער מוזיקאַליש, אָבער זיי זענען געווען פרעמד פאַר מיר און זיי האָבן ניט אָפּגעקלונגען אין מיין נשמה, ווי דאָס איז געווען מיטן פאָלקסליד און מיטן חסידישן ניגון. איך האָב אויך שפּעטער קיינמאָל ניט אויסגענוצט יענע לידער. דאָך זענען די גייסטרייכע שעהן מיט מי־כאַיל פּאַביאַנאָוויטש גנעסין, בעת אונדזער צוזאַמענאַרבעט, פאַרבליבן טיף אין מיין נשמה. מ. פּ. גנעסין איז געווען — ווי אַ סך גרויסע רוסן — איינפאַך, באַ־שיידן און רעזערווירט. אין קאָנטראַסט צו גרויסע מענטשן ביי אַנדערע פעלקער, איז דער רוס רויק, ער בלאָזט ניט פון זיך, ער באַרימט זיך ניט און ווייזט ניט אַרויס זיין סופּעריאָריטעט. ער נעמט אויף זיין פּאָזיציע ווי אַ זעלבסטפאַרשטענד־לעכקייט. און די מעלאָדיעס פון גנעסין האָבן אָפּגעשפּיגלט זיין גאַנץ וועזן. זיינע מזרח־לידער זענען טאַקע פיין, ליריש און וואַרעם. מיינע דעריננערונגען וועגן גנע־סינען ברענגען מיך אַריין אין אַ שטימונג פון רו, פון פרידן. איך ווייס ניט פאַר־וואָס, אָבער ווען איך טראַכט פון גנעסינען לייגט זיך אויס אויף מיין פּנים אַ שמייכל, ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון זיין אייביקן קינדישן שמייכל. עס איז אַ פרייד־דיקער געפיל צו פאַרנאָטירן, אַז מיין קורצע פריינטשאַפט מיט מ. פּ. גנעסין, זיין אויפמערקזאַמקייט צו מיר, זיין גלויבן אין מיר אַלס צוקונפטיקע קאָנצערטיסטין, איז געווען פאַר מיר אַ גרויסע דערמוטיקונג!...

## קאַפּיטל 24

# אַ ווינטער מיט קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש סטאַניסלאַווסקי



חום צמח האָט ניט פאַרפעלט אויסצונוצן יעדן איינעם פון די גרויסע טעאַ־טער־מענטשן פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער גרופּע און פון דער „הבימה״. קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש סטאַניסלאַווסקי, דער גרינדער פון דעם מאָסק־ווער קונסט־טעאַטער, און דער וועלכער האָט געשאַפן די באַרימטע טעאָריע, איז געווען דער גאָט פאַר אַלע יונגע סטודענטן אין מאָסקווע. יעדער נייער אָנפאַנג פון אַ טעאַ־טער־באַוועגונג איז געווען פאַרבונדן מיט סטאַניסלאַווסקין אומדירעקט; שילער פון אים, אָדער זיינע אַקטיאָרן האָבן געלערנט אין פאַרשידענע סטודיעס, אָבער אים אַליין — דעם גרויסן מייסטער — איז געווען אוממעגלעך צו באַקומען. די אַקטיאָרן פון מאָסקווער קונסט־טעאַטער האָבן ניט דערלויבט זייער שעפער צו צעטיילן זיינע שעפערישע כוחות אין פרעמדע קאָלעקטיוון; עס איז געווען אַ מין אייפערזוכט צו דעם גרויסן לערער.

די ערשטע גרופּע, וועלכער עס איז געלונגען צו קריגן סטאַניסלאַווסקין איז געווען אַ גרופּע יונגע אָפּערע־זינגער. פאַרוואָס אָפּערע? ערשטנס, ווייל סטאַניס־לאַווסקי האָט ליב געהאַט מוזיק. ער האָט — אין זיינע יונגע יאָרן — געוואָלט ווערן אַ זינגער. ער האָט אונדז געזאָגט: „מיין שטימע קלינגט אַמבעסטן אין באַדצימער!״. און דערביי פלעגט זיין האַרציק געלעכטער אָפּקלינגען מיט זיין באַס־

באַריטאָן. צווייטנס, האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט דער גרופּע, ווייל ער האָט ניט געקענט צוזען די הילפלאָזיקייט פון די גרויסע זינגער אין די אָפּערעס. ער פלעגט זאָגן: „איך זיץ אין דער אָפּערע מיט פאַרמאַכטע אויגן". ווען קאָנסטאַנ־טין סערגייעוויטש האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן מיט די זינגערס, האָבן זיך אָנגע־הויבן הייסע דיסקוסיעס אין די אָפּערע־קרייזן. זינגער האָבן געזאָגט, אַז ער וועט דערהרגענען די שטימען, ווייל אַ זינגער דאַרף טראַכטן נאָר וועגן קלאַנג — „זוור־טשאָק"... איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זען די ערשטע אָפּערע־פאַרשטעלונג אונטער דער רעזשי פון סטאַניסלאַווסקי און וואַכטאַנגאָוו, און ס'איז געווען אַ פריידיקע איבערלעבונג! די אָפּערע אויף וועלכער מען האָט עקספּערימענטירט איז געווען „יעווגעני אָניעגין". און צום ערשטן מאָל האָבן שוישפּילער געבראָכן די טראַדיציע: אָניעגין איז דאָ ניט געשטאַנען פאַרן פּובליקום מיט אויסגעשטרעקטע הענט, נאָר מיטן פּראָפיל צום עולם און אין אַזאַ פּלאַסטישער פּאָזיציע! און טאַ־טיאַנאַ איז אין איר אַריע ניט געשפּרונגען אויף די שפּיץ־פינגער, נאָר האָט רויק זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער באַנק. ווי רירנד זענען די זינגער געווען אין זייער איינפאַכקייט, און — אַגב — ווי גוט זייערע שטימען האָבן דערביי געקלונגען!...

נאָך דעם עקספּערימענט וואָס סטאַניסלאַווסקי האָט געמאַכט מיט דער אָפּע־רע־גרופּע האָט וואַכטאַנגאָוו באַשלאָסן אויסצונוצן אַלע מעגלעכע אופנים צו באַ־ווירקן אים אָנצונעמען די איינלאַדונג פון „וואַכטאַנגאָוו־סטודיע" און פון דער־„הבימה". אין איינעם אַ טאָג האָט וואַכטאַנגאָוו אַרויסגעזאָגט פאַר צמחן אַ „בליץ־געדאַנק", אַז פאַר די לעקציעס מיט סטאַניסלאַווסקין זאָלן זיך די צוויי גרופּעס — די רוסישע און די העברעישע — פאַראייניקן. דער פּלאַן איז אים געלונגען. סטאַניסלאַווסקי האָט זיך אָנגעצונדן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אין אונדזער פּאָיע די פאַרכישופטע זונטיקן!

יעדן זונטיק אין דער באַשטימטער שעה האָט זיך די פּאָיע פון אונדזער טעאַ־טערל אָנגעפילט מיט דער אומרויקער יוגנט וואָס האָט אָפּגעוואַרט דעם גרויסן מייסטער! און יעדן זונטיק, מיט דער זעלבער פּינקטלעכקייט, האָט דער רוסישער „וואַנקע" (קוטשער) צוגאַלאָפּירט און צוגעשטעלט סטאַניסלאַווסקין צום נומער 6 אין קיסלאָווסקי געסעלע. ווי אָפט כ'האָב זיך ניט צוגעקוקט צו אים בעת די פּראָבן, איז דאָך זיין שעמעוודיקע אויפפירונג פאַרבליבן פאַר מיר אַ סוד. נאָר דאַן ווען ער פלעגט שוין „אַריין אין צירקל" — זיין אייגענער אויסדרוק פאַר קאָמפּלעטער קאָנצענטראַציע —, נאָר דאַן פלעגט ער זיך אָנהייבן פריי באַוועגן און רעדן; אַרבעטן אומדערמידלעך, דערקלערן און אילוסטרירן, באַרעכטיקן יעדע

באַוועגונג, יעדן זשעסט. פאַר דעם ערשטן עקספּערימענט האָט מען אויסגעקליבן שעקספּירס „שײַלאָק", ווײַל אין דער פּיעסע שפּיגלט זיך דאָך אָפּ די יידישע און די קריסטלעכע וועלט און זייערע קאָנפליקטן. סטאַניסלאַווסקי האָט אַ ביסל שטאַמלענדיק אַ זאָג געטאָן מיט זיין באַס־באַריטאָן:



ש. קאָלדאָווסקי

— ע... ע... דאָס איז גאַנץ מערקווירדיק ע... איך מיין דאָס רוסיש און העברעיש צוזאַמען ע... ס'וועט קלינגען איטאַליעניש!

אונדזער מאָסקווער פּאָיע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווענעציאַנער טייך; שטולן און בענק זענען געוואָרן גאָנדאָלעס; די אָפּשפּיגלונג פון מאָסקווער שניי האָט געבלענדט, ווי די הייסע איטאַליענישע זון! פּלוצלינג האָט מען דערהערט אַ באַפעל: „ראָמאַנס", „ראָמאַנס"! און אָט האָבן זיך גלייך פאַרמירט פּאָרלעך וואָס האָבן מיט פאַרהאַלטענע אָטעמס און זאַנפטע שטימען גערעדט פון ליבע;

גרופּקעלעך, וואָס האָבן געזונגען און אויסגעפּייפט אימפּראָוויזירטע מעלאָדיעס, און די קלאַנגען פון שטימען זינגענדיקע און מעלאָדיעס אויסגעפּייפטע, האָבן אָנגע־פילט די לופט. סטאַניסלאַווסקי ארומגעוויקלט אין דעם גרינעם טישטעך פון אונ־דזער לאַנגן ארבעטס־טיש האָט אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק ווי אויפן ברעג פון טייך. מען האָט קלאָר געזען ווי זיינע גראָע האָר האָבן ארויסגעלויכטן מיט גאָלד פון יוגנט; זיין אויסערגעוויינלעכער הויכער, שלאַנקער קערפּער האָט זיך ריטמיש באַוועגט; זיינע שיינע אויסדרוקספולע הענט האָבן געמאַכט די פּלאַס־טישסטע באַוועגונגען מיט דער „טאָגע" וואָס האָט באַקומען אַלץ מער נייע פאַר־מען. אַן אומבאַשרייבלעכע גראַציע פון אַ פירשטלעכן „קאַבאַלעראָ". עס פלעגט אונדז נעמען שעהן און שעהן צוריקצוקומען צום רעאַלן לעבן, ארויסצוגיין פון דעם „פאַרכישופטן צירקל"! די אויסערגעוויינלעכע אידעע פון אַ צוויי־שפּראַכיקן ספּעקטאַקל איז קיינמאָל ניט רעאַליזירט געוואָרן. דאָך האָט דער ווינטער ארבעט מיט סטאַניסלאַווסקין פאַרפולקאָמט, פאַרענדיקט אונדזער שטודיום. נאָך דעם האָבן מיר אין משך פון צוויי יאָר פאַרענדיקט דריי נייע פאָרשטעלונגען: דעם „גולם" פון ה. לייוויק, „יעקבס חלום" פון בער האָפמאַן, און „דער מבול" פון בערגער. די דריי פּיעסן זענען שוין רעזשיסירט געוואָרן פון אַנדערע רעזשיסאָרן — אויך שילער פון סטאַניסלאַווסקין; אָבער ניט די ארבעט און ניט די רעזולטאַטן זע־נען געווען די זעלבע.

## קאפיטל 25

# די לעצטע טעג פון יעווגעני באגראטיאנאוויטש וואכטאנגאוו

ער „דיבוק" איז פארבליבן דער גרעסטער ספעקטאקל און וואכטאנגאוו איז פארבליבן דער געניאלער רעזשיסאר. וואכטאנגאוו איז אויך געווען דער געניאלער מענטש! ער איז געווען באשיידן און ער האט געהאט זעלבסטווירדע; ער איז געווען איינפאך־חבריש און ער איז געווען שטרענג און צוריקגעצויגן; ער איז געווען ערנסט און קאנצענטרירט און אויך לייכט און וויציק. וואכטאנגאוו אין זיין גאנצער גרויסקייט פלעגט זיך אנטפלעקן ביי די פראבן. ער איז געווען אפ־הענגיק אן אטמאספערע און ער האט אפט געזאגט: „ווען איר פילט, אז אייער פאנטאזיע שטעלט זיך אפ און איר זענט ניט שעפעריש, זוכט די אורזאך און געדענקט, אז די אורזאך קען זיין אפילו דער קאליר פון די טאפעטן אויף די ווענט, די ליכט אין צימער, — ניט בלויז אייער אייגענער צושטאנד". זיין פאנ־טאזיע האט געארבעט אמבעסטן אין די נעכט. צו אונדז פלעגט ער אפט קומען גלייך נאך די פארשטעלונגען אין דער ערשטער סטודיע פון מאסקווער קונסט־טעאטער — זיין טעאטער; דאס איז געווען נאך האלבער נאכט. ער איז קיינמאל ניט געווען מיד, אבער זייער אפט אין שרעקלעכע יסורים. עס איז געווען דער אנפאנג פון דער אנטוויקלונג פון קאנסער. און אין אזעלכע פאלן פלעגט אוועקגיין א שעה, צוויי, אין שמועסן וועגן דער פיעסע, ארום דעם, און דערנאך האט זיך אנגעהויבן די פראבע. וואס לענגער ער האט געארבעט, אלץ שעפערישער איז ער

געוואָרן. אַרבעט און אַ „סטאָפּ״! (לויט זיין אויסדרוק). ווידער געאַרבעט און נאָך אַ „סטאָפּ״! און נאָך יעדן „סטאָפּ״ איז געשאַפן געוואָרן אַ נײַ בילד. אײַן און דאָס זעלבע בילד פלעגט פאַנטאַסטיש באַקומען אַלץ נײַערע און נײַערע פאָר־מען. וואַכטאַנגאָווס פאַנטאַזיע האָט געבליצט! און די בילדער פלעגן זיך בײַטן מיט אַזאַ שנעלקייט און אַזאַ לײַכטקייט, ווי די פּילקעס ביים זשאָנגלער. אָן אײַנ־פּאַך צימער אין גרוי און בלוי, ווײַך ליכט, און די שטילקייט פון דער נאַכט אַרום, דאָס פלעגט אַמשטאַרקסטן רייצן זיין פאַנטאַזיע. און אַזעלכע רעפּעטיציעס פלעגן זיך אָפט פאַרציען ביז זון־אויפגאַנג אפילו אין מיטן ווינטער.

מיר פלעגן זייער אָפט באַגלייטן אים אַהיים, איבערהויפּט אין די פרילינג־פאַרטאָגן. ער האָט געוווינט אַ האַלבע שעה וועג פון אונדז. אויף די שפּאַצירן פלעגט ער זיין אויפגעלייגט און וויציק. ער האָט זייער ליב געהאַט מיכאַיל טשע־כאָוון און ער פלעגט אים אָפט אימיטירן. זיי זענען אויך געווען ענלעך אין כאַ־ראַקטער און האָבן אָפט געשפּילט איין ראָלע, — ס׳הייסט, איינער האָט דובלירט. און ווען ער פלעגט אים נאָכמאַכן אין אַ ראָלע, וועלכע ער אַליין האָט אויך גע־שפּילט, פלעגט ער זאָגן: „איך מאַך אים גוט נאָך, אָבער ער שפּילט עס וווּנ־דערבאַר!״.

וואַכטאַנגאָוו איז געווען גוואַלדיק אויפריכטיק. ער פלעגט שאַפן אַ בילד, אָפּשטעלן אונדז און אַ זאָג טאָן: „דאָס האָב איך געשאַפן? ! טאַלאַנטלאָז!!״ און גלייך אָנהייבן פון דאָס נײַ. ער פלעגט אַמאָל פּשוט פּראָוואָצירן אַ שילער, כדי צו זען ווי יענער וועט רעאַגירן. אָט האָט למשל איין מאָל פּאַסירט פאָלגנ־דעם: אויף דער גענעראַל־פּראָבע פון אַן אײַנאַקטער צו וועלכן איך בין געווע, באַשטימט פאַר דעם געהילף־רעזשיסאָר (און ווען סטאַניסלאַווסקי איז געזעסן לעבן אים אין דער לאָזשע) איז שוין אין זאַל געוואָרן פינצטער און דער פאָרהאַנג איז נאָך אַלץ ניט געגאַנגען. עס איז אַוועק אפשר אַ גאַנצע מינוט און ער האָט פון זאַל אויסגערופן: „גראָבער, וואָס האָט פּאַסירט?״ איך בין געשטאַנען הינטערן פאָרהאַנג און האָב בשום אופן ניט געקענט אָנצינדן ס׳ליכט, וואָס האָט באַדאַרפט ברענען אויף דעם טיש. איך האָב געציטערט ווי אַ בלאַט, אָבער ניט געענטפערט און רויק געגעבן דעם פאָרהאַנג. באַלד נאָך דעם אַקט איז ער אַרונטערגעקומען און האָט מיר געגעבן אַ קוש „פאַר ניט ענטפערן״.

אין זיין באַשיידנקייט, אין זיין ריינקייט, אין זיין ליבשאַפט צום אינדיווידיום און אין זיין אויפפאַסונג פון קאָלעקטיוויזם איז געלעגן אַזוי פיל גרויסקייט! אין

דער גרעסטער פארלעגנהייט פלעגט ער זיין, ווען עס פלעגט אויסקומען צו רעדן וועגן זיין געהאלט. א שילער פון וואכטאנגאָוון האָט געקראָגן א סך מער ווי דראמאטישע בילדונג. עס איז א שטאָלץ צו זאָגן, אז מען איז געוואָרן דערצויגן פון דעם גרויסן מענטש. דאָס וואָס וואכטאנגאָוו האָט געגעבן זיינע שילער איז דערציונג. א לעקציע פון וואכטאנגאָוון איז געווען פרעדיקונג! ער האָט געפּרע־דיקט: ערלעכקייט, אמתדיקייט, פארשטענדיקונג צווישן מענטשן, שיינקייט און ליבע! ביי וואכטאנגאָוון איז קונסט און מענטשלעכקייט געגאנגען צוזאמען. אין דעם איז געלעגן זיין גרויסקייט! ער איז שטענדיק געווען ארומגערינגלט מיט זיין אייגענער אטמאָספערע. און אז ער האָט אייך אין זיין אטמאָספערע אריינגעצויגן האָט איר געפילט, אז איר זענט אריין אין אן אנדער וועלט, אין א וועלט ערגעץ איבער דער וועלט פון אונדזער טאָג־טעגלעכקייט — אין זיין וועלט! אין דער וועלט זיינער האָט ער געלעבט און אין דער וועלט איז ער אריין! ער איז ניט געשטאָרבן! ער האָט בלויז אריינגעשוועבט אין א וועלט פון אומשטערבלעכן שאפן. די לעצטע שעהן זיינע אויף דער וועלט זענען פארביי אין קאמף מיט שאָטנס! — ארום זיין בעט זענען געשטאנען סטודענטן פון זיין סטודיע און פון דער „הבימה". א טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין גאנצן הויז. און מיר אלע צוזאמען מיט זיין פרוי האָבן בייגעוווינט זיין לעצטן געראנגל:

„שווארצע שאָטנס סטאָפּ, סטאָפּ!!" —

דאָס האָט ער אויסגעשריען די לעצטע שעהן; די ווערטער זענען געוואָרן אלץ ווייכער, אלץ שוואכער, ביז מען האָט געהערט דעם לעצטן געפּליסטער:

„ש־וו־א־ר־צע ש־אָ־ט־נס..."

דאָס קלאפּן פון זיין הארץ האָט זיך אָפּגעשטעלט און דער קלאנג האָט זיך איבערגעריסן... — אן איינגעהאַלטן כליפּען האָט אָנגעפילט די לופט...

אכט און פערציק שעה איז זיין קערפּער געלעגן אין זיין סטודיע. טויזנטער מענטשן זענען דורכגעגאנגען און איבערגעלאָזט זייער לעצטע טרער. טויזנטער מענטשן האָבן זיך געצויגן מיילן־ווייט צו ברענגען אים צו זיין אייביקער רו. הונדערטער ארטיסטן, יונגע און אלטע, האָבן צום לעצטן מאָל אריינגעאָטעמט די לופט אין וועלכער עס האָט נאָך געשוועבט דער גרויסער גייסט. דער טרויער פון דער רוסישער טעאטער־וועלט האָט זיך פערזאָניפיצירט אין דעם גרויסן מיס־

## חיהלע גראָבער

טער קאָנסטאַנטין סערגייעוויטש סטאַניסלאַווסקי. זיין אַלטער גרויער קאָפּ איז גע־
יוען געבויגן איבער דעם קבר פון זיין תּלמיד און גרויסע טרערן זענען געפאַלן
אויף דער פריש־אויסגעגראָבענער ערד וואָס ס'האָט זיך געשאָטן אויף דעם יונגן
זשעני פון דעם נייעם רוסישן טעאַטער.



וואַכטאַנגאָווס ניגונים.

## קאַפּיטל 26

# מיין גרויסע פּרעמיערע



אכטאַנגאָוו איז אַוועק און מיט אים איז אַוועק מיין האָפענונג צו שפּילן אַ מוזיקאַלישע קאָמעדיע, וועגן וועלכער איך האָב אַזוי געחלומט און אין וועלכער ער האָט אַזוי געגלייבט. די יונגע „הבימה", וועלכע האָט זיך געהאַלטן אויף די צוויי זיילן — צמח און וואַכטאַנגאָוו — איז איצט געבליבן בלויז מיט צמחן — דעם נאַציאָנאַלן פירער. די אידעע פון צמחן איז געווען, אַז די „הבימה" דאַרף אויפפירן בלויז פּיעסן מיט יידישן אינהאַלט: ביבל, געשיכטע, לעגענדע, שטייגער; פון אַלוועלטלעכן רעפּערטואַר האָט ער ניט געוואָלט הערן. אָבער ריין־יידישע פּיעסן זענען געווען זייער ווייניק. איז די „הבימה" שטיין געבליבן פאַר דעם גרויסן פּראָבלעם: רעפּערטואַר. איך וויל גלייבן, אַז צמח איז אין דעם פּרינציפּ זיינעם ניט געווען סוביעקטיוו; אַז דאָס איז געווען ריינע אידעאָלאָגיע. עס איז אָבער געווען קעגן דער קינסטלערישער אַנטוויקלונג פון אַ טעאַטער און אויך קעגן די יונגע שוישפּילער וועלכע זענען ניט געבוירן געוואָרן קיין ביבל־העלדן. צמח האָט אָבער אָנגעהויבן זוכן העלדן, ריכטיקער געזאָגט — העלדינס, ווייל פאַרן העלד האָט ער זיך גערעכנט, און דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דער שפּאַלטונג אין דער „הבימה", וועלכע איז פאָרגעקומען שפּעטער אין ניו־יאָרק.

די הויפּט־יסודות אויף וועלכע אונדזער סטודיע האָט זיך אָנגעהויבן בויען, זענען געווען קאָלעקטיוויזם, ברידערלעכקייט און ריינע, פרידלעכע אַטמאָספערע.

דאָס האָט וואַכטאַנגאָוו געפּרעדיקט פון ערשטן ביז זיין לעצטן טאָג. ביי אונדז אָבער האָט זיך דער גאַנצער קאָלעקטיוויזם אויסגעדריקט אין דעם, וואָס מען פלעגט אויף גלייכע טיילן שניידן דאָס ליים־שווארצע ברויט און טיילן גלייך די גראַשנס פון דעם מאָגערן קאַסעלע. די יוגנט, אָבער, וואָס גייט אויף טעאַטער־וועגן, זוכט ניט קיין ברויט. און דעם הונגער און דורשט קענען קינסטלער שטילן בלויז מיט שעפערישקייט און שאַפן קען מען בלויז אין אַ קינסטלערישער אַטמאָספערע. און די אַטמאָספערע איז אַוועק צוזאַמען מיט איר שעפער...

פון אַלץ, וואָס דער גרויסער און איינציקער לערער אונדזערער האָט געפּרע־דיקט, איז גאָרניט געבליבן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן קאַמפן צווישן צמחן און קאָלעגן. צמח, אָבער, האָט תמיד גערעדט אין נאָמען פון אַ גרויסער אידעע, איז ווען אפילו עס איז געווען פארבונדן מיט פּערזענלעכע אינטערעסן, האָט דאָך צמח תמיד דערהויבן. ס׳איז אָבער ניט פאַרבליבן מיט מיר קיין איין־און־איינציקער פון אַלע חברים, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבן איבער דער קליינער, פּערזענלעכער אַמביציע. דער גרויסער אונטערשייד צווישן צמחן און די איבעריקע איז באַשטאַ־נען אין דעם, וואָס צמח האָט געוואָלט פאַרשטאַרקן זיין פּאָזיציע און יעדער איי־נער פון זיינע קעגנער האָט געוואָלט פאַרכאַפּן די פּאָזיציע, וואָס נחום האָט, מיט יאָרן פון נויט, ליידן און קאַמף, דערגרייכט. דער אונטערשייד צווישן די צוויי שטרעמונגען איז אַזוי גרויס, ווי דער אונטערשייד צווישן נחום צמח און זיינע קעגנער. איך קען זיך אויך ניט דערמאָנען קיין איין פאַל פאַר די יאָרן אין מאָסקווע, ווען עמעצער פון חברים זאָל זיך האָבן איינגעשטעלט פאַר אַ צווייטן חבר. דאָס איז דאָך איינער פון די הויפּט־פּרינציפּן פון קאָלעקטיוויזם. עס איז אָבער פאַר־ביטן געוואָרן אויף „סטאַריזם” און אין אַ סטאַר־טעאַטער איז ניט גענוג צו האָבן טאַלאַנט, ניט גענוג צו ווערן געליובט פון פּרעסע, פון פּובליקום, פון גרויסע לע־רער, מען דאַרף האָבן עלנבויגנס, עגאָיזם, האַרטן נאַקן, און אַז מען ווערט גע־בוירן אָן די אייגנשאַפטן, און צו דעם האָט מען נאָך געירשנט אַ שטיקעלע מינ־דערווערטיקייט־קאָמפּלעקס אויך, מוז מען אָנהייבן זוכן אַנדערע וועגן. דאָס איז פאַר מיר געווען אַ לאַנגער און פּיינלעכער פּראָצעס.

די „הבימה” איז געווען מיין ערשט און איינציק טעאַטער. דאָ האָב איך געהאַט מיינע ערשטע קינסטלערישע דערפאָרונגען; דאָ האָט אויפגעבליט מיין ערשטע ליבע מיט טעאַטער; דאָ בין איך פאַרגאַנגען מיט מיין ערשטער ראָלע אין דעם „מבול” פון בערגער; דאָ האָב איך געבוירן מיין ערשטע „ליזי”. בכדי צו קריגן די ראָלע האָט באַ־דאַרפט דורכגיין אַ ווינטער אין יסורים פון די געשווירן וואָס מיין אויפגערעגט בלוט

האָט אַרויסגעזעצט אויף מיין צאַרטן גוף. דאָס האָט אַביסל פאַרווייכערט די האַרטנעקיקייט און מען האָט אין איילעניש אַ כאַפּ געטאָן די ערשטע פיעסע וואָס איז איינגעפאַלן. אַלע זענען שוין דאַן געווען פאַרנומען מיט די אויפפירונגען פון „גולם" פון ה. לייוויק און „יעקבס חלום" פון ריכאַרד ב. האָפמאַן. דאָס גאַנצע טעאַטער האָט זיך שוין געגרייט צו דער ערשטער גרויסער טורנע איבער אייראָפּע און אפשר אויך אַמעריקע. דער „מבול" איז געווען דער גרויסער קאָמפּראָמיס וואָס צמח האָט געמאַכט — דאָס איז געווען די ערשטע אויפפירונג פון איירא־פּעישן רעפּערטואַר. נאָך „דיבוקים", „צדיקים", איז „ליזי" געווען די ערשטע פרוי פון דער אונטערוועלט; אין דעם האָט ביי אונדז קיינער ניט געהאַט די דערפאַ־רונג און איך אַמווייניקסטן. איז ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מיט דער „מבול"־גרופּע פון זיבן מענער און איין פרוי האָבן געאַרבעט צוויי רעזשיסאָרן — איינער אויף די ראָלן און איינער אויף דער אויפפירונג—, האָב איך בשום אופן ניט געוווסט, ווי מען לעבט זיך איין אין אַזאַ ראָלע. צייט פאַר דער אויפפירונג איז געבליבן ווייניק, דער סעזאָן ענדיקט זיך און עס הייבט זיך אָן דער פרילינג, און נאָך דעם זומער וועט די טרופּע אַרויספאָרן קיין איירא̇פּע. דעם פרילינג בין איך דורכגעגאַנגען אַלע פיבערן פון מיין יוגנט.

ווען איך האָב געאַרבעט אויף „ליזי" — דאָס מיידל וואָס איז דורך איר ריינער, ערלעכער ליבע אַריינגעשטויסן געוואָרן אין דער אונטערוועלט — זענען אַלע מיינע ביז־איצטיקע פרויען־אינסטינקטן אַריבער אין עכטע, פיזישע גלוס־טונגען. און ווען איך בין שוין כמעט געווען פאַרטיק מיט דער ראָלע, האָט מיך באַהערשט אַן אויסערגעוויינלעכע אומרויקייט. עס האָט מיך געיאָגט פון הויז צו־ריק צו דער סטודיע און פון דאָרט איבער די גאַסן און בולוואַרן. איך פלעג וואַנדערן ווי אין אַ חלום דורך פרילינג־ און זומער־נעכט ביז העלע פאַרטאָגן. אין איינעם פון די אָוונטן האָב איך צום ערשטן מאָל דורכגעלעבט דעם גרויסן סוד פון אַ פרוי — דעם סוד פון פאַרגיין... עס איז ניט געווען פאַרבונדן מיט קיין לאַנג־דויערנדיקן ראָמאַן; ס'איז ניט געווען קיין רעזולטאַט פון טרוימען, ליידן, — ס'האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ שטילער וואַרעמקייט, פון אָפּקלאַנגען ווי פון ווייטע דונערן. דאַן האָט געטאָן אַ בליץ אין מיינע אויגן, איך האָב אויפגעציטערט און די גאַנצע וועלט אַרום און אין מיר האָט זיך צעשטורעמט. עס האָט געדויערט, ווי מיר האָט זיך געדוכט, אַן אייביקייט, און עס איז מיט מיר פאַרבליבן אַ פריי־דיק געזאַנג אין מיין יונג בלוט און אַ דינע, דויערהאַפטע וויבראַציע אין אַלע מיינע גלידער... עס האָט זיך אויפגעעפנט פאַר מיר אַ נייע —ביז איצט— אומבאַ־קאַנטע וועלט. כ'האָב ווען קיין זאַך ניט געקענט טראַכטן — און קיין זאַך האָט

איצט ניט געשטערט. די אַרבעט איז איבערגעריסן געוואָרן אויף די הייסע זומער־וואָכן. בין איך יענע וואָכן — אפשר צום איינציקן מאָל אין מיין לעבן — געווען בלויז פּרווי.

דער ערשטער רוף צוריק צו דער סטודיע־אַרבעט האָט מיך אויסגע־ניכטערט. איך האָב פּלוצלינג באַגריפן דאָס „גרויסע אומגליק" וואָס האָט מיך געטראָפן! פּונקט איצט, ווען איך בין שוין ביים ענדע פון מיין לאַנגיאָריקן וועג, פּונקט איצט, ווען איך דערנענטער זיך צום ציל, אָט־אָט איז די פּרעמיערע — מיין ערשטע גרויסע פּרעמיערע — און אַ ראָלע וועלכע איז געבויט אויף יוגנט, פיגור, באַוועגלעכקייט, און דאָ הייב איך אָן פילן אַזאַ שווערקייט אין מיינע פיס און אַזאַ דערשלאָגנקייט אין מיין געמיט. מיינע שלייפן קלאַפּן ווי האַמערס און איין געדאַנק בויערט מיין מוח: זיך באַפרייען, זיך באַפרייען וואָס שנעלער, איידער עס וועט צו שפּעט. דאָס איז אָבער גאָרניט אַזאַ לייכטע זאַך; עס איז פאַרבאָטן פון דער רעגירונג. דערפאַר טאַקע פיל איך נאָך איצט מיין טיפע דאַנקבאַרקייט צו מיין פריינט ד"ר ס.

אַ פרישער קוואַל פון ענערגיע האָט זיך איצט אין מיר אויפ־געעפנט און איך האָב זיך פיבערהאַפט אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. די טעג זענען געווען פול מיט זאָרג. חוץ פּראָבן האָב איך אויך באַדאַרפט געפינען די מאַטעריעלע מיטלען פאַר דער אויפפירונג „מיינער". אַזוי האָט עס געהייסן. מען האָט עס גענומען פאַר מיר און איך מוז טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. די קליינע סובסידיע וואָס מיר האָבן געקראָגן פון דער רעגירונג האָט באַדאַרפט גיין פאַר די הויפּט־פּיעסן... האָט מיר גאָט געהאָלפן, אַז מיין האַרציקער פריינט קאָל־דאָווסקי איז צו יענער צייט ווידער געקומען קיין מאָסקווע מיטן דזשאָינט. קאָל־דאָווסקי איז געוואָרן אַ חסיד פון דער „הבימה" און אַ פאַרערער פון דעם „גרויסן טאַלאַנט פון קליינע ראָלן". אין אָפּיס פון דזשאָינט, זיצנדיק ביי זיין טיש, האָט ער אויסגעהערט מיין שווערע לאַגע. ער איז געווען דער איינציקער וואָס האָט גע־ווסט, אַז אויף דער אויפפירונג שטייט מיין וועלט, און ער, קאָלדאָווסקי, האָט מיר געגעבן דאָס געלט פאַר דער אויפפירונג פון „מבול". ער האָט מיר דאַן גע־זאָגט, אַז דאָס געלט גיט ער פּערזענלעך און ניט דער דזשאָינט.

כאָטש מיט דעם איז אַוועק די זאָרג פון פינאַנצן, האָט עס דאָך פאַרגרע־סערט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט: טאָמער חלילה פאַלט די פּיעסע דורך?! אַנ־שטאָט אָן אָפּרו נאָך דעם שווערן זומער און נאָך מיין ערשטער טיפער איבערלע־

בונג, זענען אָנגעפלויגן רולאָזע טעג און אומרויקע נעכט. כ׳פלעג קומען אַ מידע צו זיך אין צימער; אָבער אָנשטאָט זיך צו לייגן, פלעג איך נעמען מיין גיטאַרע און פּיקן און ברומען ביז אין דער פרי. די קלאַנגען פון די סטרונעס האָבן מיך אָנגערעגט און אונטער די קלאַנגען איז געוואָרן לייכט צו פירן דעם דיאַלאָג צווישן „ליזי" און „ביר", איר געליבטן, וועלכער האָט זי אַזוי פאַרראַטן. וואַכטאַנגאָוו פלעגט אָפט זאָגן: „זייט פריי! אָפן אויפּצונעמען יעדע פּאַסירונג — דאָס רופט אַרויס פאַרשידענע געפילן וואָס וועלן אייך צוניצקומען". מיר איז אַזאַ פּאַסירונג שטאַרק צוניצגעקומען.

דער רעזשיסאָר וואָס האָט אויפגעפירט דעם „מבול" האָט זיך פאַרליבט אין אַ יונגער שילערין אונדזערער, אַ יונגע, ניט קיין שיינע, אָבער גוט־געבוייטע און גראָד טאַלאַנטלאָזע פ. מיט איר זענען מיר געווען גאָר גוט באַפריינדעט, אויך מיט דעם יונגן צ. פ. זענען מיר געווען זייער גוטע פריינט. צ. האָט געהאַט אַ נייגונג צו רעזשי און אַ כוח אָפּצוטאָן וואָס נאָר עס פאָדערט זיך, בכדי צו געווינען די אויפמערקזאַמקייט פון רעזשיסאָר. אין איינעם אַ פרימאָרגן, נאָך די אומרויקע, פיבערהאַפטע נעכט, בין איך אַ פאַרחלומטע אַרויף אויף דעם הויף פון אונדזער סטודיע און האָב דערהערט ווי פון ערגעץ אַן אַנדער וועלט קלינגט אָפּ מיין דיאַלאָג מיט „בירן"... עס האָט מיך ווי אויפגעריסן פון אַ שלאָף און איך האָב דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק ווי פון אַ שפּיז וואָס האָט דורכגעלעכערט מיין ברוסט. איך בין אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפּ און האָב זיך באַגעגנט מיט צוויי פאַר־דערשראָקענע אויגן פון פ. און פון צ.

אין יענער נאַכט, נאָך דער פּאַסירונג, האָב איך פאַרפיקסירט מיין טיפן ווייי אין מיין מאָנאָלאָג פון „ליזי" און האָב באַשטימט צו פירן עס אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פון גיטאַרע. צמחן האָט עס שאַקירט, ווען כ׳האָב צוגעשטעלט דעם סיורפּריז —גיטאַרע איז דאָך פון תמיד אַן פאַרבונדן מיט ציגיינער־ליד—, אָבער די טרערן, וואָס די סצענע האָט אַרויסגערופן ביי צמחן און חברים, האָבן באַזייטיקט אַלע אַרגומענטן.

דעם נייעם סעזאָן זענען די דריי נייע פּיעסן שוין געשפּילט געוואָרן אין אַ גרויס טעאַטער. דער „מבול" איז געווען די לעצטע פּרעמיערע אין דער „הבימה", אָבער די ערשטע פּרעמיערע פאַר מיר. דעם אַכטן אָקטאָבער 1918 בין איך גע־בוירן געוואָרן פאַר טעאַטער און איצט איז טעאַטער געבוירן געוואָרן פאַר מיר. הינטער די קוליסן האָט מען דערציילט ווי די מיליציע מוז צוריקהאַלטן דעם עולם

וואָס האָט פאַרפּלייצט „סטראַסטנאַיאַ פּלאָשטשאַד׳״! אַז איבערפּאַרקויפער קריגן פאַנטאַסטישע פּרייזן פאַר אַ בילעט. — מיר האָט געהאַקט אַ צאָן אָן אַ צאָן, מיינע הענט האָבן מיר געציטערט, אַז ס׳איז שווער געווען זיך צו גרימירן. דעם ערשטן אויפטריט געדענק איך ניט. איך געדענק אויך ניט ווי איך האָב געפּירט די סצענע. דעם וואָלט האָב איך געזונגען ווי תמיד אין די מיליטשיצער וועלדער, און דאָס קאָן פּאַסירן נאָר דאַן, ווען אַ זאַך איז איינגעבוירן און גייט מיט אונדז מיט דאָס גאַנצע לעבן. איך בין געקומען צו זיך נאָר דאַן, ווען ס׳האָט זיך דערהערט אַ דונער־אַפּלאָוז וואָס האָט געדויערט מינוטן־לאַנג. אַזוי איז די סצענע פון „מבול״ דורכגעגאַנגען אין אַלע שטעט און לענדער, ווו מיר האָבן עס געשפּילט. די גרעסטע איבעראַשונג איז פאַר מיר געווען, ווען מיין שווער טאַניאַ האָט מיר געזאָגט, אַז מאַקס, מיין ברודער, האָט געוויינט. הייסט עס „אַז ווען ס׳איז ניטאָ אויף וואָס אַ קוק צו טאָן״ קען נאָך אַלץ זיין וואָס צו הערן...

דאָס איז געווען מיין ערשטע אַנטדעקונג און מיין ערשטער זיג. באַלד נאָכדעם האָבן מיר פאַרלאָזן מאָסקווע. טויזנטער מענטשן האָבן פאַרפּלייצט מאָסקווער וואָקזאַל; עס האָבן ניט געהאָלפן די גלעקער און ניט דאָס פייפן פון לאָקאָמאָטיוו — דער צוג האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ שיינער צייט, ביז מען האָט באַפרייט די באַן־ליניע. רעגן און טרער האָט אונדז באַגלייט פון מאָסקווע, אָבער מיט רוסלאַנד האָבן מיר זיך געזעגנט ערשט אויף דער גרענעץ. נאָכדעם ווי די באַן־באַאַמטע האָבן רעווידירט אונדזערע זאַכן און פּאַפּירן האָבן זיי אונדז געבעטן צו געבן פאַר זיי אַן אָפּשידס־קאָנצערט. אין דער לאַנגער און קאַלטער, האַלב־פינצטערער טאַמאָזשניע, שטייענדיק אויף די בענק אויף וועלכע עס זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אונדזערע פּעקלעך, האָבן מיר אויסגעזונגען און אויסגעשפּילט אונדזערע לעצטע טענער אויף רוסישער ערד; פון דאָרט זענען מיר אַרויס צו דער גרויסער, פרייער וועלט.

קאַפּיטל 27

# טריומף־צוג פון דער „הבימה"

ונדזער אייראָפּעיִשער טור האָט זיך אָנגעהויבן פון ריגע. אויף דער לעטישער גרענעץ, ווו מיר זענען אָנגעקומען אינמיטן דער נאַכט, איז אַריין צו אונדז דער הויכער, שוואַרצער יונגערמאַן אַראָנשטיין און האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז דער אַדמיניסטראַטאָר אונדזערער. אונדזער נייער אייראָפּעישער אַדמי־ניסטראַטאָר האָט געטראָפן די „באַרימטע" טרופּע — די „סענסאַציע" — ליגנדיק אויפגעקנוילט אויף די האַרטע בענק, צוגעדעקט מיט דינע, אויסגעריבענע מאַנ־טעלעך! פון הינטער די צודעקעכץ האָבן אַרויסגעקוקט צעדרייטע אָפּצאַסלעך, געלעכערטע פּאָדעשוועס, וואָלענע זאָקן. איבער און אונטער די בענק, ווו עס זענען געווײנלעך אָנגעוואָרפן טשעמאָדאַנעס, קיישעלעך און פּעק, איז געווען גראַם און ציכטיק... האָט ער זיך פאָרגעשטעלט און איבערגעגעבן אונדז דעם „מעסעדזש" פון אונדזער אנטרעפּרעניאָר געפּען אַז: „מיר זאָלן פון האָטעל ניט אַרויסגיין און קיינעם פון דער פּרעסע ניט זען, ביז מען וועט אונדז נעמען אין אַ געשעפט און מיר וועלן זיך אָנטאָן". איך ווייס ניט פאַרוואָס און וויאַזוי איך בין געוואָרן די „לידערין" אין געשעפטן און אויך אין רעסטאָראַנען. זענען מיר ווי אַ טשערעדע אַריין אין אַ גרויס געשעפט; צו אונדז איז צוגעלאָפן אַן עלע־גאַנטער מאַן אין אַ ווייס האַרט העמד און אין אַ פראַק, באַגריסט אונדז אויף דייטש און זיך געשטעלט „צו אונדזער דינסט". איך בין געגאַנגען פאָרויס און

כ'האָב ניט טראַכטנדיק אַ זאָג געטאָן אין רוסיש: „ערשטנס, טוט אונדז אויס, און צווייטנס — טוט אונדז אָן". ביי דעם האָט ריגע דערהערט דעם ערשטן שאָס פון געלעכטער פון דער „ביבל־טרופּע".

אין ריגע האָבן מיר געשפּילט אין דעם גרויסן אָפּערע־טעאַטער. בילעטן זע־נען געווען אויספאַרקויפט. די טונקעלע ליכט אין ערשטן אַקט „דיבוק" האָט גע־וואָרפן אַ פּחד אויפן עולם און ס'איז ביי דעם אַקט געווען שטיל ווי אין אַ קבר. דער צווייטער אַקט האָט שוין באַלויכטן דאָס פּובליקום און מיר האָבן דערזען אַ זאַל פול מיט פּאַרקויפער — אַלע אין די זעלבע האַרטע וועסטן און שוואַרצע פראַקן. זיי האָבן זיך געהאַלטן זייער „קאָרעקט", ערנסט, פּנימער זענען געווען פאַרגליווערט! דאַמען האָבן פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט בינאָקלען און עלעגאַנט אַפּלאָדירט מיט ווייסע הענטשקעלעך; יעדעס העברעיש וואָרט, וואָס איז פאַרפלויגן צו זיי, האָט זיך אָנגעקלאַפּט אָן דער האַרטער ווייסער וועסט און איז צוריקגע־שפּרונגען צו אונדז און שוין מיט אונדז פאַרבליבן אויף דער גאַנצער צייט פון אונדזערע גאַסטראָלן אין לעטלאַנד.

דער ערשטער באַנקעט פאַר דער „הבימה" איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ יידישן רעסטאָראַן. די עלעגאַנטע הערן און דאַמען זענען פאַרשוווּנדן און אונדז האָט אַרומגערינגלט אַ האַרציקער פּשוטער עולם. מען האָט גערעדט העברעיש מיט אַשכנזישן דיאַלעקט און מיר האָבן געקייכט פון געלעכטער. די רעפּוטאַציע פון אַ הונגעריקער טרופּע איז געלאָפן פאָרויס און די טישן ביי דעם באַנקעט זענען פול געווען מיט ברויט: שוואַרץ ברויט, געבייטלט ברויט, קאָרנברויט, ברוין ברויט, ווייס ברויט — ברויט! ערגעץ פון צווישן די סטאָגן ברויט האָט אַרויס־געקוקט פאַרשעמט אַ קעפּל הערינג, אַ שטיקל וווּרשט. מען האָט געטרונקען טיי מיט אַ סך צוקער, געגעסן דאַרן אייער־קיכל און לעקעך. אויף מאָרגן האָבן אַלע רעסטאָראַטאָרס אין ריגע געוווּסט, אַז די העברעישע אַקטיאָרן עסן אַ סך ברויט און רעדן נישט קיין יידיש. מיר האָבן אין ריגע, צום ערשטן מאָל פאַר יאָרן־לאַנג, דערזען אָפענע געשעפטן, פולע קראָמען סחורות און מיר האָבן אויסגעפונען דעם וווּנדערבאַרן לוקס־זייף. דאָס האָט אַזוי איבעראַשט, אַז אונדזער יונגע שוישפּי־לערין פּדואית האָט אָנגעקויפט אַ טשעמאָדאַן מיט קעסטלעך לוקס, און ווען מיר זענען מיט אַ יאָר שפּעטער אַריין קיין אַמעריקע האָט מען אין די „קאַסטאַמס" פאַרדעכטיקט, אַז זי שמוגלט עס קיין ניו־יאָרק...

אין לעטלאַנד האָבן מיר חוץ אין ריגע געשפּילט אויך אין דווינסק. דאָ האָבן מיר געשפּילט אין דעם איינציקן „זשעלעזנאָ־דאָראָזשנעם" טעאַטער, וואָס איז טאַ־



חיהלע גראָבער אין דער ראָל פון „ליזי" אין „מבול"
פון מ. ה. בערגער.

קע געשטאַנען ביי דער סאַמע באַן־סטאַנציע. אַלע אַכצן פרויען האָבן זיך באַדאַרפט גרימירן אין איין צימער, און דאָס אויך שטייענדיק. איך האָב זיך אָבער שנעל אָריענטירט און בין ארויף אויף אַן אייבערשטע „פּאָלקע" — אין אַ וואַנדער־לעבן איז שנעלע אָריענטאַציע אַ געוואַלדיקע אייגנשאַפט... דאָס טעאַטער איז אויך דאָ געווען פול; מען איז זיך צונויפגעפאָרן פון שטעטלעך ארום; עס איז דאָ געווען ווארעמלעך און מער פאָלקסטימלעך. אַלע שוישפּילער זענען געווען ערנסט און דיסציפּלינירט פּונקט ווי צו דער פּרעמיערע אין ריגע. דעם „צדיק" אין דריטן אַקט האָט געשפּילט צמח און ווי תמיד האָט ער געמאַכט זיין גרויסע פּויזע צווישן דעם „דיבוק" און „צאַ", אָבער מיטן „צאַ" האָט דער לויפנדער צוג אַ פייף געטאָן „הו־הו". ס'איז געווען אַ גליק וואָס ביי דער סצענע שטייען אַלע שוישפּילער מיט דער פּלייצע צום פּובליקום, ווייל אַלע האָבן זיך צעלאַכט, און נאָך אַ סך פאַרשטעלונגען זענען ביי דער סצענע אַדורך אונטער אַ לאַך־אַנפאַל.

אין לעטלאַנד האָבן מיר אויפגעגעסן און אויסגעגעבן אונדזערע גאַזשעס אויך פון טור אין ליטע.

קאָוונע איז געווען אונדזער צווייטער פּונקט. דאָ האָבן מיר זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט דער גרויסער ציוניסטישער יוגנט! די צענדליקער העברעישע שולן אין דער ליטע האָבן אויפגעכאַוועט אַ יוגנט, וועלכע איז געווען גרייט אויפצונעמען און אָפּצושאַצן אונדזער טעאַטער. חוץ דעם זענען אויך ישיבה־בחורים פון טעלזשער ישיבה, ביודעים צי בלי־יודעים, געקומען זען און הערן דאָס ערשטע גרויסע העברעישע טעאַטער. חוץ די אָוונט־פאַרשטעלונגען האָבן מיר געגעבן באַטאָגיקע פאַרשטעלונגען פאַר דער יוגנט. דער קאָנטאַקט מיט אַן עולם וואָס פאַרשטייט דיך שאַפט די האַרמאָניע פון שוישפּילער און צושויער. זאָל און בינע ווערט איינס און דאָס גיט די אמתע באַפרידיקונג. זענען טאָקע די פאַרשטעלונגען אונדזערע אין דער ליטע פאַרבליבן מיט מיר אויף תמיד. קאָוונע האָט צו יענער צייט נאָך ניט געהאַט איר אייגן טעאַטער און אָפּערע, און ס'איז ניט געווען קיין סך וואָס צו זען דאָרט. פריינט האָבן געמאַכט היימישע אויפנאַמעס; דער באַנק־דירעקטאָר האָט געלאַדן אויף אַ „פייף־אָ־קלאָק" אַזייגער ניין... אַזוי, אַז די בעסטע פאַרווײַלונג איז געווען מיט דער יוגנט אין טעאַטער.

לעטלאַנד און ליטע זענען געווען די צוויי קליינע מדינות, וועלכע האָבן אונדז באַדאַרפט צוגרייטן צום גרויסן יידישן פּוילן. צמח האָט געפילט די גרויסע אחריות פאַר דער „הבימה" און אויך פאַר דעם יידישן עולם. אַזאַ גרויס באַגעגעניש מוז

זייער פּאַרזיכטיק צוגעגרייט ווערן, און ער איז געווען געדעכט. מיר האָבן אין לעטלאַנד און ליטע אויסגעשפּילט, אויספּרובירט די פּיעסן. מען האָט שוין אַפילו געפונען געוויסע איינפאַלן ווי צוצוטראָגן אַ וויץ צו אַן עולם וואָס פאַרשטייט ניט קיין העברעיש. אַמוויכטיקסטנס איז עס געווען פאַרן „מבול", ווייל דאָרט איז דאָ אַ סך הומאָר. מען האָט זיך צוגעוווינט צום „ציוניזם", וועלכן מען האָט ניט צו שטאַרק ליב געהאַט. אַפילו די העברעיסטן אונדזערע האָבן ניט געהאַט קיין גרויס ליבשאַפט פאַר „ציוניות". נו! און חוץ אַלע זאַכן איז דאָך אין דער גרופּע געווען אַ גרויסער טייל, וועלכער איז צוגעקומען צו דער אידעע „הבימה" ווי צו אַ טעאַטער אין אַ פרעמדער שפּראַך, ווי להבדיל פראַנצויזיש, דייטש אָדער איטאַליעניש. עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע זענען ניט דורכגעגאַנגען אין רו־סישן טעאַטער, זענען זיי אַריין אין העברעיש. קיין יידיש האָבן זיי פּרינציפּיעל ניט גערעדט, כאָטש זייערע טאַטע־מאַמע זענען געווען פון עמך. העברעיש האָבן זיי געלערנט, אָבער נאָך ניט געקענט. פאַר די חדשים אין די קליינע לענדער האָט מען זיך אַביסל אויסגעלערנט, אַביסל צוגעוווינט זיך און אַביסל באַגריפן.

פון ליטע איז מען אַריין קיין וואַרשע. דאָס מעכטיקע וואַרשע! די שטאָט פון דער גרעסטער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, פון דער בעסטער יידישער פּרע־סע, פון די גרויסע געלערנטע. פּוילן — דאָס לאַנד פון י. ל. פּרץ, פון חסידיש, פון פאָלקס־לעגענדע. פּוילן — דאָס לאַנד פון די גרעסטע יידישע טעאַטערס, בעס־טע שוישפּילער, און דאָ דאָס העברעישע טעאַטער וואָס איז אויסגעוואַקסן אין מאָסקווע אונטער ניט־יידישע מדריכים, אין אַ ניט־יידישער אַטמאָספערע. מען האָט זיך באַדאַרפט גרייטן און שטאַרק גרייטן זיך צו אַזאַ באַגעגעניש. די עלטערע פון אונדזער גרופּע זענען שוין געווען באַקאַנט מיט וואַרשע, — ווער עס האָט דאָרט געלעבט, ווער עס האָט דאָרט געלערנט —, פאַר מיר איז וואַרשע — דאָס יידישע וואַרשע — געווען אינגאַנצן ניי! מיין היימישע סביבה איז ניט געווען קיין ציו־ניסטישע און אין מאָסקווע איז ציוניזם געווען פאַרעכנט פאַר קאָנטער־רעוואָלו־ציע. ציוניסטן האָבן געאַרבעט אין רויטן רוסלאַנד פּונקט ווי סאָציאַליסטן אין צאַרישן רוסלאַנד. די „הבימה" האָט געפירט איר ליניע „נאַציאָנאַל־קינסטלעריש". דאָ, אין וואַרשע, האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט די מעכטיקע ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע, די גרויסע ציוניסטישע פירער. זיי האָבן ניט נאָר פאַרפולט דאָס טעאַטער, נאָר מיר זענען געוואָרן אַרומגערינגלט פון הונדערטער פריינט, חסידים, נאָכפאָל־גער און פאַרפאָלגער. דאָ, אין וואַרשע, האָט איצט קולטור־לעבן און טעאַטער גע־בליט, כאָטש אַנטיסעמיטיזם איז געוואַקסן. אויף די נאָוואָליפּיעס און די נאָוואָ־ליפּקעס האָבן כוליגאַנעס געשניטן בערד, געריסן פּיאות, אָבער אויף דער אָבאָזשנע

האָט געבליט אסתר־רחל קאַמינסקי־טעאַטער מיט דעם באַליבטן זיגמונט טורקאָוו און אידאַ קאַמינסקי; אין פּאַסאַזש סימאָן האָט זיך נאָר וואָס צעבליט דאָס קליינ־קונסט־טעאַטערל „עזאזל" מיט דער שאַרמאַנטער, עלעגאַנטער אַלאַ לילית און אין „נאָוואָשצי" האָט געקיניגט די „הבימה". די „הבימה" האָט געקיניגט און פּויליש יידנטום האָט געיובלט ניט נאָר אין וואַרשע.

אונדזער אַריינפאָר קיין ביאַליסטאָק איז געווען אַן אמתער פּאַראַד. מיר זענען אין דער „הבימה" געווען זעקס ביאַליסטאָקער: נחום צמח, זיין שוועסטער שפרה און דער ברודער בנימין, מולקע שוויף אין דער אַדמיניסטראַציע, חנהלע גענדלער און איך. קיין ביאַליסטאָק זענען מיר אַריין אָנפאַנג פּרילינג. די ביאַליסטאָקער האָבן צעעפנט אַלע פענצטער, טירן און באַלקאָנען. פון וואָקזאַל דורך דעם נייעם שאָסיי, ליפּאָווע גאַס, ביז צום גרויסן האָטעל „ריץ", זענען טראָטוארן געווען געפּאַקט מיט אַלט און יונג. מען האָט די עופּהלעך פון די וויגן אַרויסגענומען צו באַגעגענען דאָס גרויסע וואונדער. מיין פעטער קלמן האָט מיר געזאָגט: „אַזוי האָט ביאַליסטאָק אויסגעזען, ווען דער קייסער איז דורכגעפאָרן". דאָ, אין ביאַליסטאָק, בין איך ווידער אַריין אין אַ היימישער אַטמאָספערע. מיין פאָטער און מיין צווייטע מוטער האָבן שוין געוווינט דאָרט. נאָך אין ריגע, באַלד ווי מיר זענען אָנגעקומען, האָט שוין געוואַרט אויף מיר מיין פאָטערס בריוו — דער ערשטער בריוו. מיין פאָטער איז זיך מודה, אַז ער האָט מיך ניט אָפּגעשאַצט, ניט פאַרשטאַנען, און דער עיקר — ער דאַנקט מיר, וואָס איך האָב פּאַראייביקט זיין נאָמען... אין ביאַליסטאָק האָבן זיי איצט געוווינט אַליין; מיין שטיף־ברודער עלינקע האָט שוין שטודירט אין בערלין. דאָס גליק פון מיינע עלטערן איז איצט געווען אין לשער.

די וואָך אין ביאַליסטאָק איז געווען אַ וואָך פון יום־טוב; אָבער ניט קיין קלענערער יום־טוב איז געווען לאָדזש.

אין לאָדזש האָב איך זיך ווידער צונויפגעטראָפן מיט רחלען — רחל און לאַזאַר זבאַר. מיר האָבן מיט רחלען דורכגעלעבט ניט נאָר קינדער־יאָרן. גלייך ווי איך בין אַריין קיין מאָסקווע האָבן מיר זיך שוין ווידער באַגעגנט. די קליינינקע רחלע האָט שוין געוויגט אַ פּיצינקע ליובאָטשקע; דער יונגער לאַזאַר איז שוין געווען אַ גרויסער סוחר. רחל האָט איר הויז אין מאָסקווע געפירט פונקט ווי די מאַמע צימשטיין אין ביאַליסטאָק. ווען מיר, די הבימהניקעס, האָבן געלעבט אויפן „פּאַיאָק" פלעגט אַלע עטלעכע טעג צופאָרן צו דער סטודיע אַ וועגעלע מיט מעל,

צוקער, רייז, — פון רחלען צו חברים און פריינט. אין 1919, ווען איך בין געבליבן אַליין, האָט רחל געדונגען אַ הויז אויף זומער פאַר זיך און נאָך אַ הויז פאַר מיר און חברים. אירע טירן זענען געווען אָפן און דער טיש תמיד געדעקט. אַזוי איז געווען אין מאָסקווע און איצט אויך אין לאָדזש. רחל איז מיר געווען אַ שוועסטער און איר הויז — מיין צווייטע היים.

דעם זומער 1920 האָבן מיר, אַ גרופּע הבימהניקעס, פאַרבראַכט אין קליאַזמאַ — הינטער מאָסקווע. די דאַטשע פאַר אונדז האָט געדונגען רחל זבאַר, ווייל אויך זי האָט געוווינט דאָרט. די איינציקע פאַרוויילונג אויף אַלע דאַטשעס איז אַ קערטל. רחל, אָבער, האָט ניט געשפּילט אין קיין קאָרטן, נאָר אויסגעלעבט זיך מיט אונדז צוזאַמען אין לידער, אין דערציילונגען. מיין גיטאַרע איז תמיד מיטגעפאָרן מיט מיר. איך האָב נאָך דאַן ניט באַנוצט זיך מיט דעם אינסטרומענט פּראָפעסיאָנעל, אָבער כ׳האָב עס אויסגענוצט אַ סך מער ווי אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

קליאַזמאַ איז פאַר מיר געווען אַן אויפלעבונג פון מיליטשיצי. סאָסנאָווער וואַלד, זון און זאַרגלאָזיקייט רופן אַרויס די בעסטע לידער. די שטימעריי איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז כ׳האָב זיך אַריינגעזעצט מיט מיין גיטאַרע אין אַ טאַטשקע, און קאַלקע זבאַר (אַ פּלימעניק פון לאַזאַרן) האָט מיך אַרומגעפירט איבער די שכנישע דאַטשעס, ווי מען פירט אַרום אַ בערעלע וואָס טאַנצט...

יענעם זומער איז געוואָרן אַ יאָר פון זינט מיין פאָטער מיט דער מומע, עלינקע — מיין שטיפברודער און די קליינע גוטשע זענען אוועקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק. די שטאָט אונדזערע איז געווען פאַרנומען מיט דייטשן, און שרייבן אָדער באַקומען בריוו איז געווען אומעגלעך. אויך מיט מיין ברודער מאַקס בין איך ניט געשטאַנען אין קיין שום פאַרבינדונג שוין איבער אַ יאָר צייט. ער האָט דאַן געוווינט אין וואָראָניעזש (וווּ ער האָט פריער געדינט). אין יענער טייל רוסלאַנד זענען כסדר אָנגעגאַנגען ציווילע שלאַכטן, און די שטאָט וואָראָניעזש איז איבערגעגאַנגען פון די רויטע צו די ווייסע — פון די ווייסע צו די רויטע. איך בין מיט מיין ברודער בכלל ניט געווען צו שטאַרק פאַרבונדן און מיר האָבן זיך דורכגעשריבן ניט אַזוי אָפט.

אין איינער פון די זומער־נעכט אין קליאַזמאַ בין איך געשלאָפן צוזאַמען מיט רחלען און כ׳האָב ווידער געזען אַ חלום און האָב אָנגעהויבן, נאָך אין שלאָף,



פון רעכטס: הערמאַן סוועט, חיהלע גראָבער, זנה ראָווינאַ
און אַלעקסאַנדער גראַנאַך (לייפּציק 1926).

צו וויינען. רחל האָט אַ דערשראָקענע מיך אויפגעוועקט און אַ פרעג געטאָן: „וואָס האָט פּאַסירט?". איך האָב זיך אויפגעזעצט אין בעט און וויינענדיק דער־ציילט: „איך האָב נאָר וואָס געזען, ווי איך בין געשטאַנען ביי ברייטע, ווייסע טרעפּ און האָב דערזען אויבן מיין ברודער אַז איינגעבויגענעם, אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן; איך האָב אויסגעשריגן: ,וואָס איז מיט דיר, מאַקס?', האָט ער אָנגעוויזן אויף זיין בויך און געזאָגט: ,מען האָט מיך דורכגעשאָסן אָט אָ דאָ'..."

רחל האָט זיך באַמיט מיך צו באַרויקן, אָבער איך בין גלייך אינדערפרי אַוועק אין שטאָט. כ'האָב אויסגעזוכט זיין לעצט פּאָסטקאַרטל מיטן אַדרעס, און, כאָטש מען האָט מיר ניט פּאַרזיכערט, אַז עס וועט אָנקומען, האָב איך דאָך טע־לעגראַפירט: „כ'בעט אייך, לאָזט וויסן ווו און וואָס איז מיט מאַקס גראָבער".

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך באַקומען אַ בריוו פון אַן אומבאַקאַנטע פרוי, וועלכע האָט געשריבן: „מאַקסן איז בעסער. מיר זענען געווען איבעראַשט צו באַקומען אייער טעלעגראַמע דעם זעלבן פרימאָרגן פון דער נאַכט, ווען מאַקס איז אָפּערירט געוואָרן".

לויט דעם ענטפער איז קלאָר, אַז מיין חלום האָט זיך מיר באַוויזן פּונקט אין דער צייט פון דער אָפּעראַציע. איך חלום ניט אָפט, אָבער שטענדיק ווען עס פּאַסירט אַ גאָר־וויכטיק געשעעניש.



מאַקס גראָבער — חיהלעס ברודער.

## קאַפּיטל 28

# פרילינג און יוגנט



ון 1915 ווען מיר האָבן פאַרלאָזן אונדזער היים איז מיר נאָכגעפאָרן אַ בענקשאַפט נאָך מיין ערשטער „גרויסער" ליבע וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אויף די שולבענק. עס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער עלטער (בעסער געזאָגט — אין דער יוגנט), ווען מען פאַרליבט זיך אין דער ליבע. דער פריער פרילינג האָט באַגרינט אונדזער שטאָטגאָרטן (גאָראָדסקוי סאַד); דיביימער זענען געווען באַהאָנגען מיט שווערע צווייגן, נאָך ניט צעבליטן בעז; פון די קלומבעס האָבן ארויסגעשיינט די פריש־גרינע קנאָספּן פון כריזאַנטעמען; די רויזן האָבן זיך נאָך ניט צעעפנט; פון דער נאָך קאַלטער ערד האָבן קוים אַרויסגעשפּראָצט פיאַל־קעס און פריש גראָז, און צוזאַמען מיטן גאָרטן האָט אויפגעוואַכט מיין יוגנט — אַזוי שטיל ווי דאָס גראָז, אַזוי ריין ווי דער אויסגעשטערנטער הימל, אַזוי סודות־דיק ווי די שאָטנס אין די אַלעען אין אונדזער גאָרטן. משהקע איז געווען אַ היי־מישער פּשוטער ליבער בחור. זיין ליבע־דערקלערונג איז געווען אַ טיפער זיפץ, אַ קוק דורך פולע אויגן און נאָך דעם איז געלאָפן די צייט אין אָפּהיטן מיין אומ־שולדיקייט, אין בויען פּלענער פאַר אַ לעבן ווי עס פּאַסט פאַר אַ בת־יחידה פון אָנשטענדיקע טאַטע־מאַמע. זיין פיינקייט און ערלעכקייט האָט געוווּנען מיין מו־טערס פריינטשאַפט און כאָטש ס'איז נאָך ניט געווען קיין רייד פון אַ תכלית,

# חיהלע גראָבער

בין איך אָבער פאָרט פאַרבליבן מיטן איינדרוק, אַז ערגעץ אין דער שטיל האָט מיין מוטער צוגעשטימט צו דעם שידוך.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אונדז צעשיידט. ביים געזעגענען זיך האָט ער געוויינט און איך האָב אים צוגעזאָגט צוריקצוקומען. אין די יאָרן פון קריג און רעוואָלוציע האָט די פאַנטאַזיע אויסגעשפּונען אַ העלד און אַ לעגענדע. בין איך באַלד נאָך דעם קריג געלאָפן צו אים. אָבער אין די דאָזיקע יאָרן האָבן זיך אויך געעפנט די אויגן אויף מענטש און וועלט, און שוין ביי דער ערשטער באַגעגעניש האָט זיך דער חלום איבערגעריסן. איך האָב געטראָפן אַ מענטשן, טאַקע אַ פיינעם, אַ ערלעכן, אָבער אַזאַ ווייטן... עפּעס ווי אַ ווייטן־ווייטן קרוב מיט וועלכן ס'וואָלט געווען פאַרבונדן מיין קינדהייט. איך בין ניט געווען אַנטוישט, אָבער פאַרוואונדערט, שטאַרק פאַרוואונדערט! אָבער משהקעס ליבע האָט זיך פאַר די יאָרן נאָך מער פאַרטיפט און אונדזער צווייטע געזעגענונג איז געווען נאָך טראַגישער. האָב איך ווידער צוגעזאָגט צו קומען. איך בין אַוועק צוריק קיין מאָסקווע. אָבער כאָטש די בענקשאַפט איז אַוועק, האָבן אָבער איצט מיך פאַרפאָלגט זיינע טרערן און ס'האָט מיך געפּייניקט מיין צוזאָג צו קומען צוריק. בין איך ווידער געלאָפן און דאָס מאָל האָט זיך אויך מיין פעטער זיידל געיאָגט צו מיר איבער ימען און מיך באַגעגנט מיט די ווערטער: „איך בין פאַרפליכטעט צו דער איינציקער טאָכטער פון מיין איינציקער שוועסטער און איך בין געקומען דיך חתונה מאַכן"... איך האָב זיך דערפילט ווי אַ פיש אין אַ נעץ. מען האָט געשטעלט אַ חופּה. מיר צווישן זיך האָבן באַשטימט, אַז דאָס איז אַ פיקטיווע הייראַט. אין עטלעכע טעג נאָך דער חתונה האָב איך פאַרקויפט דאָס ביסל מעבל מיט מיין פּיאַנע, און ווי דער ראָמאַניסט וואָלט עס באַשריבן:

„עס איז געווען אַ ווינטער־נאַכט, די לבנה האָט באַגאָסן דעם שניי מיט איר בלויקייט, ווען דאָס פאַרליבטע פּאָרל איז אַנטלאָפן פון דער היים... אין קליינעם שטעטל ביים גרענעץ האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן דעם טאָג פון שטעטלשע מוסרים, און נאָך חצות האָט זיך צום גאַניקל צוגעגליטשט אַ שליטן אויף וועלכן דאָס יונגע פּאָרל האָט זיך אַרויפגעכאַפּט און איז פאַרשוווּנדן אין געדיכטן וואַלד. דאָ אין וואַלד האָט מען זיי אַריינגעפירט אין אַ „זעמליאַנקע", וווּ זיי זענען פאַרבליבן אַליין איינגעהילט אין דער פינצטערניש און דער שטילקייט פון דער נאַכט... פּלוצלינג האָבן זיי דערהערט אַ פייף. זיי זענען אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ צווייטן שליטן און דורך דער וואַך, וואָס איז געשטאַנען מיטן פּלייצע צו זיי ווי הילצערנע סאָלדאַטן, זענען זיי אַרויף אויף דער רוסישער ערד...".

פון מאָסקווער וואָקזאַל האָט אַ קליינע טאַטשקע געשלעפּט מיין ביסל אויס־שטייער און איך בין נאָכגעגאַנגען ווי נאָך אַ מת... אַ טרויער האָט מיך פּלוצלינג דאָ באַפאַלן פון דעם גאַנצן פּלאָנטער וואָס איך האָב דאָ פאַרפּלאָנטערט. קיין „פּלאַ־שטשאַד" (שטח צו וווינען) איז אין מאָסקווע ניט געווען און מיר האָבן געמוזט טיילן מיין צימער צוזאַמען. איך האָב זיך „פאַרזיכערט" מיטן ציצענעם פאָרהאַנג וואָס מיר האָבן אויפגעהאַנגען אין דער ברייט פון צימער. דורך יענעם גאַנצן ווינטער און אויך פרילינג איז דער פאָרהאַנג געהאַנגען ווי אַן אייזערנער שלאָס... אָבער יענעם ערשטן זומער אויף אַ נייטראַלן באָדן, צווישן די סאָסנעס פון „פּוש־קינאָ" איז פון זיך אַליין אַרונטערגעפאַלן דער פאָרהאַנג... ס'איז מיט מיר ניט פאַרבליבן קיין גליק, אויך ניט קיין פאַרדרוס — ס'איז פאַרבליבן אַ גלייכגילטיקייט. ס'איז אין מאָסקווע ליכט צו הייראַטן, לייכט זיך צו גטן, אָבער אומ־מעגלעך זיך צו צעגיין — ניטאָ קיין „פּלאָשטשאַד"... איז עס אַזוי פאַרבליבן, ביז איך האָב פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

פון דעם טאָג וואָס מיר האָבן פאַרלאָזט רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן יום־טוב. אַלע יאָרן אין רוסלאַנד האָט מען געיאָגט, געאַרבעט, געזאָרגט, געהונגערט, געפרירן און פּלוצלינג — זאַרגלאָז, זאַט און אַזוי וואַרעם! אַלע יאָרן אין מאָסקווע איז מען געווען פאַרכאַפּט פון איין גרויסער אידעע „טעאַטער" און דאָס איז גע־וואָרן דער איינציקער זין פון לעבן. צמח האָט באַלד פון דער ערשטער גרופּע אין מאָסקווע געוואָלט באַווירקן די חברים, מען זאָל אונטערשרייבן דעם פּונקט: „קיינער טאָר ניט חתונה האָבן, ביז מען וועט אַריינפירן די „הבימה" קיין ירו־שלים". דאָס האָט ער אַליין ניט דורכגעפירט און אויך ניט איך.

* * *

די ערשטע עטלעכע חדשים אין אויסלאַנד איז מען געווען פאַרשיכורט פון די קינסטלערישע דערפאָלגן... נאָך דער אָנערקענונג פון דער פּוילישער און דער פּויליש־יידישער פּרעסע, האָבן מיר זיך דערפילט פּולקאָמע פּראָפעסיאָנעלע שויי־שפּילער. צוזאַמען מיט די קינסטלערישע דערפאָלגן זענען געקומען פּערזענלעכע דערפאָלגן, און דאָ אין וואַרשע האָט אַ יונגע שוישפּילערין געהאַט איר ערשטן גרויסן ראָמאַן.

בערנאַרד איז געווען דער איינציקער זון פון רייכע טאַטע־מאַמע. אויסגע־וואַקסן אין רוסלאַנד, זיך דערצויגן אין פּוילן, געענדיקט דאָקטאָר אין סאָרבאָן.

כאָטש ער איז געווען פון דער אַסימילירטער יוגנט, איז ער דאָך מיטגעריסן גע־וואָרן פון זשאַבאָטינסקיס פייערדיקן רוף! און אונדזער באַגעגעניש האָט פאַר־פעסטיקט דעם אידעאַל פאַר ארץ־ישראל. דאָ אין וואַרשע האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט דאָס לעבן פון גרויס־וועלט. ניט נאָר האָט בערנאַרד מיך נאָכגעפאָלגט, נאָר די גאַנצע משפחה י. האָט מיך באַהאַנדלט ווי אַ „פּרימאַדאָנע", כאָטש איך אַליין האָב דעם געפיל קיינמאָל ניט געהאַט. ווי די עלטערן, אַזוי אויך זיין שוועס־טער ב. ג. האָבן באַוווינט גרויסע דירות אין דעם לאַנגן הויף מיט הייזער וואָס זענען געשטאַנען אויף דער הויפּטגאַס אין וואַרשע. אין די גרויסע סאַלאָנען, באַלויכטענע פון די קרישטאָל־קאַנדעלאַבערס און הענגלאָמפּן, זענען געגעבן גע־וואָרן אומצייילבאַרע באַנקעטן און געמאַכט געוואָרן אומציילבאַרע אויפנאַמעס, אָפיציעלע און אומאָפיציעלע; אין די גרויסע סאַלאָנען האָבן מיר איינגעאָרדנט ספּעציעלע טאַנץ־פּראָבן פון פּאָקסטראָטן און שימיס, דאָ האָב איך זיך באַקענט מיט די נייסטע שלאָגערס פון יאָר 1925/1926. גאַנץ פּוילן האָט דאַן אָפּגעקלונ־גען מיט „וואַלענציאַ" און „טשי פּאַני מיעשקאַ סאַמאַ, טשי ראַזעם ז'נים". אין פרייע אָוונטן, ווען ס'איז געגאַנגען אַ פּיעסע אין וועלכער איך בין ניט געווען פאַרנומען, האָט מען מיך געפירט אין די פּרעכטיקע פּוילישע און יידישע טעאַ־טערס. דאָס נאַכט־לעבן אין וואַרשע האָט מען געקענט פאַרגלייכן מיט די נעכט אין פּאַריז. די גרויסע פּלענער פאַר דער צוקונפט מיינער מיט ב. איז געוואָרן די סענסאַציע פון אונדזערע גאַסטראָלן דאָרט. יענעם ווינטער און פרילינג האָבן מיך די שליטנס און דראָשקעס ווי אויף פליגל געטראָגן איבער וואַרשעווער גאַסן, פּראַגער בריק און אויאַזדאָווסקע אַלעע, ביז צו די ווייטע סאַסנע־וועלדער, דורך לבנה־נעכט און זוניקע טעג. וויפל טעג מיר האָבן געשפּילט אין די פּראָווינץ־שטעט, אַזוי פיל טעלעגראַמעס זענען געפלויגן, טעלעפאָנען האָבן פאַרוויגט און אָפט אָפּ־געקלונגען ביים אויפשטיין. אין לאָדזש, ביי רחל און לאַזאַר אין הויז, איז באַ־שטימט געוואָרן מיין צוריקער קיין וואַרשע גלייך נאָכן סעזאָן; אין דער פאַמי־ליע האָט מען שוין געוווסט, אַז צום קומענדיקן ווינטער וועט שוין ב. עפענען זיין קאַבינעט און היים. ווען אַלע פּלענער זענען שוין געווען אויפגעבויט, זענען מיר געווען פאַרטיק מיט פּוילן און מיר זענען אַרויסגעפאָרן קיין בערלין.

### קאַפּיטל 29

# איף דער גרויסער אייראָפּעישער בינע...

אָך אין מאָסקווע האָט צמח אונדז געוואָרנט, אַז די הויפּטפּונקטן פאַר אונדז איז: דאָס יידישע ווארשע — פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, און דער גרעסטער טעאַטער־צענטער בערלין — פון קינסטלערישן; און אַז מיר וועלן אַרויף אויף די צוויי הויכע שטאַפּלען, וועלן מיר זיין פּאַרטיק צו גיין ביז צו דעם סאַמע שפּיץ פון דעם באַרג — ניו־יאָרק! דער אַריינפאָר קיין בערלין איז געווען דער סאַמע פיבערהאַפּטסטער. אַ פּרעמיערע דאָ האָט יעדן שוישפּילער אָנגעפּילט מיט שרעק. אויך אין פּובליקום האָט זיך געפילט אַן אויפרעגונג; קיינער איז ניט גע־גאַנגען זען די „הבימה" מיט גלייכגילטיקייט. נאָך איידער דער פאָרהאַנג איז אַרויף האָט מען געפילט די גרויסע דערוואַרטונג פון יעדן איינעם אין זאַל. בער־לין האָט שוין געוווסט פון דעם יונגן טעאַטער ניט נאָר פון דער פּרעסע: דאָ איז שוין פריער געווען צמח, וואָס האָט צוגעגרייט דעם באָדן; עס איז שוין גע־ווען דער גרויסער פּאָעט ח. נ. ביאַליק, וואָס האָט דערציילט נסים ונפלאות; עס האָט שוין געבראַכט אַ גרוס פון וואַכטאַנגאָווס גרעניאַלע אויפירונג דער באַרימ־טער מאַיִסי, וואָס האָט אונדז באַזוכט בעת זיינע גאַסטשפּילן אין מאָסקווע. עס האָט זיך שוין ניט איין יאָר געוועבט די לעגענדע „הבימה". דער „דיבוק" איז דורך מיט אַ טריומף און האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די שוישפּילער וואָס האָבן געשפּילט הויפּטראָלן אין די אַנדערע פּיעסן. מען איז שוין געווען איינגעגלייבט

אין דעם, אַז וואַכטאַנגאָוו קען ניט דורכפאַלן; אָבער די אַנדערע פּיעסן, די שוואַכערע, וואָס וועט זיין מיט זיי?!

דער „מבול" איז אויפגעפירט געוואָרן די לעצטע און איז אַזוי גע־שפּילט געוואָרן אין יעדן לאַנד, און דאָ אין בערלין האָב איך געוואָרט זעקס וואָכן, ביז עס איז געקומען מיין ריי. די דערוואַרטונג איז געוואָרן אַלץ מער און מער אָנגעשטרענגט און אַלץ אָפטער האָב איך געטראַכט וועגן דעם, אַז מיין פּיעסע איז אַן אייראָפּעישע און מיט דעם קען מען דאָך שוין ניט איבעראַשן... עס האָט אַזוי פּאַסירט, אַז איין נאַכט פאַר דער פּרעמיערע פון „מבול" האָט מיך אַלעקסאַנדער גראַנאַך איינגעלאַדן צו זען „די בערגנער" שפּילן. די קינדישע פיגור און דאָס פויגל־שטימעלע פון „די בערגנער" האָבן מיך אי־בעראַשט און איך האָב אַ פרעג געטאָן: „מיט וואָס פאַר אַ מיטלען שפּילט זי דראַמע". גראַנאַך האָט הילכיק אַ לאַך געטאָן: „מיט מיטלען פון „די בערגנער"... און דאָ האָט טאַקע פּאַסירט עפּעס אויסערגעוויינלעכעס: אין דריטן אַקט האָט דער געליבטער אַ הייב־געטאָן זיין געליבטע און זיך מיט איר אריינגעשלייכט צום בעט הינטער דעם פּאַראַוואַן. אין אַ סעקונדע אַרום האָט זיך פון הינטער דעם פּאַראַוואַן צעטראָגן איבערן טעאַטער אַ דינער קורצער קוויטש ווי אַ קריטש פון אַ קאַנאַריקל... דאָס גאַנצע טעאַטער האָט אַ צי געטאָן דעם אָטעם און איז פאַר־גליווערט געוואָרן אין אַ לאַנגער פּויזע — מען האָט אויפגענומען די גרויסע טראַגעדיע פון אַ הילפלאָז פייגעלע וואָס ווערט באַפאַלן פון אַ ווילדער חיה.

אָט אַזוי האָט אויף מיר געווירקט די בערגנער און זי האָט אויף מיר ארויפ־געוואָרפן אַ מין פּחד, וואָס האָט מיך ניט אָפּגעלאָזן, ביז איך בין געפאָרן צו מיין פּרעמיערע. פון דער ערשטער פראַזע מיינער אויף דער בינע האָב איך דער־פילט מיין אומזיכערקייט. אַלץ וואָס כ'האָב גערעדט האָט מיר געקלונגען פאַלש. עס האָבן אויך געקלונגען פאַלש צו מיר די אַפּלאָדיסמענטן נאָך דעם דיאַלאָג. איך בין אַרויס פון טעאַטער נאָך דער גרויסער פּרעמיערע מיינער, אַ פאַרלוירענע, אַן אומגליקלעכע! צום באַנקעט, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט נאָך דער פאָר־שטעלונג, בין איך ניט געגאַנגען; אין גרויסן צימער מיינעם, אין פּענסיאָן „פּאַ־זאַנען־פּלאַץ", בין איך אין דער פינצטער און אָנגעטאָנענערהייט געלעגן אויף מיין בעט און באַגאָסן די קישנס מיט הייסע טרערן. וויפל חברים האָבן ניט גע־קלאַפּט, געבעטן איך זאָל זיי אַריינלאָזן, האָב איך ניט געקענט זיך אויפהייבן. דער גרויער טאָג האָט קוים באַלויכטן דאָס צימער, ווען איך האָב געעפנט די טיר פאַר מיין חבר בנימין צמח. איך בין שוין געווען אַן אויסגעוויינטע און האָב

שוין געקענט זאָגן, אַז: „איך בין אַ דורכפאַל, אַז איך קען זיך ניט דערהייבן צו דער הייך צו וועלכער די „הבימה" האָט דערגרייכט, אַז מיין באַגאַבונג גייט ניט ווייטער פון קאַבאַרעט"... און נאָך און נאָך... בנימין האָט עפּעס געזאָגט מיט זיין גוטן שמייכל אויף די ליפּן און איך בין אַ דערשעפּטע אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף. אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר האָט מיך אויפגעוועקט — גראַנאַך האָט באַפוילן מען זאָל מיר אַריינברענגען די ערשטע מאָרגן־צייטונג מיט דער קריטיק וועגן „מבול"; מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער האָט געקלונגען הערמאַן סוועט מען זאָל גלייך אַרויסגיין קויפן די צווייטע צייטונג; נאָך דעם איז אַריין איטקין, אַ צעשטראַלטער, מיט אַ דריטער צייטונג. דאָס צימער איז געוואָרן אָנגע־פילט מיט חברים און דער דיל איז געווען באַדעקט מיט צייטונגען. מען האָט גע־לייענט אין דער הויך באַגייסטערטע מיינונגען: — דייטשע פּרעסע האָט פאַר־גליכן מיט די גרעסטע דייטשע שוישפּילערינס... איך האָב אפילו ניט געהאַט קיין כוח זיך צו פרייען. אַזוי האָב איך דורכגעלעבט מיין ערשטן גרויסן לאַנג־דערוואַרטעטן דערפאָלג.



סאַשאַ פּרודקין
„ביר" אין „מבול"

צום גרויסן דערפאָלג מיינעם אין „מבול" האָט אַ סך בייגעטראָגן מיין פּאַרטנער ס אַ ש אַ פּ ר ו ד ק י ן. די „הבימה" האָט דאַן פאַרמאָגט אַ שיין ביסל טאַטעס, מחותנים, בטלנים, אָבער קיין איינעם ניט פאַר דעם אַמפּלוא פון אַ ליבהאָבער. סאַשאַ פּרודקין האָט מען אויסגעקליבן, ווייל ער איז שוין געווען דער פּאַסיקסטער, סאַשאַ האָט — חוץ זיין אַרטיסטישע קאַריערע — אויך גע־מאַכט זיין דאָקטאָראַט און פאַר זיין ספּעציאַליטעט האָט ער אויסגעקליבן כירור־גיע. אין דער ליבעס־סצענע צווישן מיר — ליזי און אים — ביר, האָט זיין שטי־

מע געקלונגען אביסל צו שאַרף און טרוקן, און זיינע אַ באַרירונג האָט ניט גע־גלעט און אויך ניט געוואַרעמט. אָבער דאָס איז געווען צוגעפּאַסט צום טיפּ פון אַ קאַריעריםט, פון אַן עגאָיִסט, ווי ביר איז געשילדערט.

סאַשאַ פּרודקין איז געווען אַן אַרטיסט אַן ערנסטער, קלוגער און זייער דיס־ציפּלינירטער. איצט איז ער פאַרבונדן מיטן מאָסקווער קונסט־טעאַטער.

נאָך דער פּרעמיערע מיינער אין בערלין האָב איך זיך געפילט ווי נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט. ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן קומען צוריק צו מיינע כוחות און צוזאַמען מיט די נייע כוחות האָט אָנגעהויבן וואַקסן דער פאַרלאַנג צו שפּילן, שפּילן און זינגען אָן אַן אויפהער. עפּעס ווי אַ פאַרבאָרגענער קוואַל זאָל זיך אויפרייסן. איך האָב זיך קוים דערוואַרט צו דער צווייטער פאָרשטעלונג פון „מבול”. וואָס פאַראַ אומענדלעך גליק פילט אָן דעם שוישפּילער, ווען ער לעבט פולשטענדיק אין דער ראָלע און אַטמאָספערע פון זיין שפּילן! די צווייטע פאָר־שטעלונג מיינע האָב איך באמת געלעבט און ניט געשפּילט. איך האָב זיך גע־טראָגן ווי אויף די כוואַליעס פון דער צעגאָסענער „מיסיסיפּי”. מיין ליד און גיטאַרע האָבן סטיכיש וויברירט, ווען איך בין מיט בירן פאַרשוווּנדן הינטער די קוליסן אין דעם שוימיקן וואַלץ. עס איז געווען אַ טויטע שטילקייט אין זאַל און מיר זענען דערשראָקענע שטיין געבליבן. פּלוצלינג האָט ווי אַ דונער אויפגעריסן אַן אַפּלויז. מען האָט ניט געקענט אָנגיין מיטן אַקט, ביז מיר זענען עטלעכע מאָל אַרויס זיך נייגן (וואָס איז קעגן אַלע געזעצן פון קונסט־טעאַטער). איך געדענק ניט וויפל מאָל מען האָט נאָך דער פאָרשטעלונג געהויבן דעם פאָרהאַנג; נאָר ווען איך בין שוין געווען אין מיין גאַרדעראָבע, אָן דעם קאָסטיום, איז דער מענעדזשער אַריינגעלאָפן, אַ וואָרף געטאָן אויף מיר מיין מאַנטל און האָט מיך ווידער אַרויסגעשטופּט אויף דער בינע.

נאָך דער פאָרשטעלונג איז גראַנאַך געזעסן מיט מיר אין אַ באַזונדער צי־מער פון אַ גרויסן רעסטאָראַן און האָט מיט אַ זאַנפטער שטימע (וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט גענוצט אין זיין שפּילן) גערעדט צו מיר וועגן דעם, אַז איך קען מאַכן אַ גרויסע קאַריערע אויף דער דייטשער בינע; אַז ער וועט מאַכן פון מיר די גרעסטע דייטשע שוישפּילערין, אַז די גאַנצע וועלט וועט זיין מיינע... איך בין ניט פאַרשיכורט געוואָרן ניט פון זיינע רייד, ניט פון מיינע דערפאָלגן. איך האָב, אָבער, דאַן טיף אין מיין האַרצן דערפילט, אַז מיין וועלט איז בלויז טעאַטער, און אַז קיינע פערזענלעכע דערפאָלגן קענען ניט און וועלן מיך קיינמאָל ניט

אזועקרייסן פון דער וועלט מיינער. ווארשע איז פלוצלינג באדעקט געוואָרן מיט א געדיכטן נעפּל; אזוי געדיכט, אז כ'האָב קוים ארויסגעזען א סילועט פון א מענטשן, און נאָך איידער מיר האָבן אונדזערע גאַסטראָלן אין דייטשלאַנד פאַרענדיקט, איז פּוילן אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון מיין אויג און אויך פון מיין האַרץ.

אונדזער פריינטשאַפט מיט אַלעקסאַנדער גראַנאַך האָט זיך אָנגעהויבן פון דעם, וואָס ער האָט מיר דערציילט זיין לעבנס־געשיכטע. אַלעקסאַנדער גראַנאַך איז צו יענער צייט געווען בארימט אין גאַנץ דייטשלאַנד. א גוטער ייד איז ער פון תמיד אָן געווען און איצט האָט די „הבימה" אין אים אויפגעוועקט זיין פאַר־באָרגענע בענקשאַפט נאָך יידישקייט. אַלעקסאַנדער גראַנאַך איז געווען א קינד פון פאָלק; האָראָדענקאָ איז געווען זיין גאַליציש שטעטל און אָרעמקייט — זיין היים. צו פערצן יאָר איז ער שוין געווען א ספּעציאַליסט א בעקער, און האָט שוין גע־האַט די כאַראַקטעריסטיש־צעקרימטע פיס פון איינעם, וואָס האָט שוין א לעבן־לאַנג פאַרבראַכט ביי דער דייזשע. קיינער האָט אָבער ניט פאַרדעכטיקט, אז אין דעם טייג זיינעם, וואָס ער פלעגט קנעטן מיט אזוי פיל מוט, זענען אריינגעקנאָטן געוואָרן אזוי פיל הערלעכע טרוימען! שוין צו זיינע פערצן יאָר האָט גראַנאַך געוווּסט, אז זיין וועלט איז טעאַטער. קיין האָראָדענקאָ איז דאַן אראָפּגעקומען א יידישע טרופּע מיטן דירעקטאָר גימפּל. גראַנאַך האָט נאָך דער פאָרשטעלונג א שפּרונג געטאָן פון דער גאַליאָרקע צום דירעקטאָרס טיר, האָט זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט און פאַרלוירן דעם מוט. אַלעקסאַנדער, דער דרייסטער, דער ווויל־זונג, האָט זיך פאַרשעמט און מיט אַן אומבאַקאַנטן פאַר אים געפיל פון באַשיידנ־קייט האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. הער גימפּל — דער „סענסיטיווער גייסט", דער טרעגער פון יידישער קונסט — האָט אים אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז פיס און האָט א פרעג געטאָן: „וואָס טוסטו איצט?" און גראַנאַך האָט געענטפערט: „איך בין א בעקער". — „נו, טאָ גיי צוריק צו דיין דייזשע און באַק ווייטער בייגל"... גראַנאַך האָט אים דורכגענומען מיט זיינע ציגיינערישע אויגן און איז אוועק. אָבער ניט צו דער דייזשע איז ער אוועק, ער איז אוועק קיין בערלין און טאַקע צו רוונהאַרדטן. פון ריינהאַרדטן איז ער אוועק אין שפּיטאָל, ווו מען האָט אים אָפּערירט זיינע צעקרימטע פיס. ליגנדיק דאָס יאָר א פאַרבאַנדאַזשירטער, האָט ער זיך ארומגערינגלט מיט ביכער. זיינע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטערס זענען געווען אויך זיינע לערער און זיינע פריינט אין דער נייער וועלט, און פון שפּיטאָל, וואָס איז אויך געווען זיין ערשטע שולע, איז ער צוגעקומען צו היינע און געטהע און דורך דעם צו דער גרויסער „פאָלקס־בינע" אין בערלין.

גראַנאַך האָט פאַרענדיקט זיין דערציילונג און האָט אויסגעשריען מיט זיין דונער־שטימע: „אַ פיינער שפּאַציר, הע!" איך האָב שטאַרק ליב געקראָגן זיין צאַרטקייט און זיך ניט געקענט באַפרייען פון דער מורא פאַר זיין ווילדקייט. גראַנאַך איז געווען זייער אַ ווילער יונג, אַ גוטער חבר, אָבער, אַז ער פלעגט ווערן ווילד — טאַקע גוט, אָבער ווילד —, פלעגט ער צעקייען אַ גלאָז מיט זיינע גע־זונטע ציין און פלעגט עס ארויסשפייען ביזן לעצטן שפּליטערל ניט צעבלוטיקנדיק זיך. די קונץ פלעג איך קינדווייז זען פון דעם קונצנמאַכער אויף אונדזערע הויפן און איך פלעג דאָן זיין זייער באַגייסטערט פון דעם. אָבער איצט, צוזעענדיק ווי אַ קינסטלער — אַ גרויסער קינסטלער — מאַכט עס, האָב איך זיך געפילט שרעקלעך. אַ פריינט פון גראַנאַכן האָט קיינמאָל ניט געוווּסט מיט וואָס ער וועט אים איבעראַשן. ער האָט זיך צו דער „הבימה" זייער צוגעבונדן; ער האָט אונדז ליב געקראָגן, ער פלעגט יעדע פרייע מינוט קומען צולויפן; ער איז פונקט ווי אַלע קינסטלער און צושויער געווען באַגייסטערט פון דער הייליקער אַטמאָספערע אין וועלכער די „הבימה" איז דערצויגן געוואָרן. עס האָט אים, אָבער, ניט געשטערט אָפּצוטאָן אַזאַ מין זאַך: צו אַן אָוונט, וועלכן איך האָב געגעבן פאַר אים, איז ער געקומען מיט אַ דייטשקע, וועלכע איז פּלוצלינג דערשינען פאַר אונדז איינ־גאַנצן אַ נאַקעטע. אַז איך בין צו צו אים און האָב אים אַ זאָג געטאָן: „פיר שוין ארויס פון דאַנען די נקבה!" האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג און ניט געקענט פאַרשטיין מיין אויפרעגונג. ער האָט זיך געמיט מיר צו דערקלערן, אַז דאָס איז די אינספּיראַציע, די דערהויבונג פון דער דייטשער קינסטלער־וועלט און הויכער געזעלשאַפט... איך האָב, אָבער, דאַן נאָך ניט פאַרשטאַנען, אַז פון אַט דער זנות וואַקסט עס די ריינע ראַסע. אַ סך, אַ סך איבעראַשונגען האָט פאַר אייך געהאַט דער באַגאַבטער, באַליבטער און זייער באַרימטער דייטשער שוי־שפּילער. ער האָט אָבער אויך פאַרמאָגט וווּנדערלעכע אייגנשאַפטן! זיינע חברים האָבן מיר דערציילט וויאַזוי ער איז געקומען צו אַ פאַרזאַמלונג פון זיין פּאַרטיי און געטראָפן חברים פאַרזאָרגט, — מען דאַרף געלט פאַר אַ גרויסער אַרבעט וואָס מען מוז דורכפירן. גראַנאַך האָט ניט טראַכטנדיק ארויסגעשאָטן אויפן טיש פון זיינע קעשענעס ביז איין מאַרק. אַזאַ אָפענע האַנט און ברייט האַרץ האָט פאַרמאָגט אַלעקסאַנדער גראַנאַך.

קאַפּיטל 30

# פּאַריז — ניו־יאָרק

אַריז איז געווען דער לעצטער פּונקט פון אונדזער טורנע איבער אייראָפּע און מיט די גאַסטראָלן דאָרט האָט זיך פאַרענדיקט דער סעזאָן 1926־1927. און פאַרענדיקט האָט ער זיך גאַנץ טרויעריק! די היצן זענען געווען גרויס, דאָס יידישע פּובליקום — זייער קליין. די וווּנדערלעכע אָפּהאַנדלונגען פון דער פראַנצויזישער פּרעסע האָבן קיין פראַנצויזיש פּובליקום ניט געצויגן. די טוריסטן,



וולאַדימיר גראָסמאַן.

וועלכע זענען זיך צונויפגעפאָרן האָבן פארפולט די רעווי־טעאַטערס, די קאַבאַ־רעטן. ס'איז געווען אוממעגלעך צו קאָנקורירן מיט מיסטינגעט און מיט מאָרים שעוואַליע. פאַריז האָט דאַן געטאַנצט אין די גאַסן. דאַמען פון דער גאַנצער וועלט, אין די טייערסטע טואַלעטן און עכטע בריליאַנטן, האָבן שעמערירט! איז ווי קען מען אויסזיצן אַ גאַנצן אָוונט און הערן דאָס געוויין פון חורבן בית־המקדש, אָדער צו זען, דעם טאַנץ פון פארחושכטע, אָפּגעריסענע אביונים... ניט געווען



אַ גרופּע „הבימה"־שוישפּילער אויף אָפּרו אין אַ דאָרף אין פראַנקרייך אין 1926.

ווּאָ די גרויסע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע צו שאַפן די שטימונג אַרום דער הבימה. ניט געווען די גרויסע וואַרשעווער פּרעסע. געווען איין גרויסע יידישע צייטונג — „פּאַריזער היינט" און איר רעדאַקטאָר — וולאַדימיר גראָסמאַן. האָט ער און זיין צייטונג געשריבן, גערופן, אָבער פון איין פּרעמיערע צו דער צווייטער איז דאָס טעאַטער געוואָרן אַלץ ליידיקער, דאָס פּובליקום אַלץ מידער, און ביז ס'איז גע־קומען צו מיין „גרויסער" פּרעמיערע, איז דער רעדאַקטאָר וולאַדימיר גראָסמאַן

אליין מיד געוואָרן און איז אוועק נאָך איידער דער פאַרהאַנג האָט זיך געעפנט. אַזוי אַרום האָב איך פאַרלאָרן אַן אָפּהאַנדלונג איבער מײַן קרוין־ראָלע און כ׳האָב אויך, צו יענער צײַט, פאַרלאָרן די באַגעגעניש מיט איינעם פון די אינטערע־סאַנטסטע מענטשן. אויך וולאַדימיר גראָסמאַן האָט פאַרלוירן — עטלעכע גוטע יאָרן מיט מיר... וואָלט ער דאַן פאַרבליבן אין טעאַטער, וואָלטן מיר שוין איצט געפּייערט אונדזער זילבערנע חתונה.

מיטן „מבול" האָט זיך דער סעזאָן געשלאָסן און די גאַנצע טרופּע איז גע־בליבן אָן געלט, אָן ווייטערדיקע קאָנטראַקטן — מיט בלויזע האָפענונגען אויף אַמעריקע. די קענגער פון נחום צמח האָבן אויסגעפונען, אַז דאָס איז די פּאַ־סיקסטע צײַט צו באַזייטיקן אים פון דער „מאַכט" איבער אונדז... און דאָ אין פּאַריז איז פּאַקטיש פאָרגעקומען די שפּאַלטונג וואָס האָט זיך פאַרענדיקט אין ניו־יאָרק. די טרופּע איז זיך צעפאָרן אין פאַרשידענע עקן פראַנקרייך אויף אַזוי גערופענעם „אורלויב"! איך מיט אַ גרופּע בין אוועק אין אַ דערפל נאָענט פון דער שווייצאַרישער גרענעץ, דוכט מיר „סאַן־סאָווער". אין דעם דערפל זענען מיר פאַרבליבן ביז מען האָט אונדז מודיע געווען פון פּאַריז, אַז מיר קענען שוין קומען צוריק און גרייטן זיך צו אַ צווייטן טור אין דייטשלאַנד. און ערשט אין ענדע 1927 זענען מיר אַרויסגעפאָרן קיין ניו־יאָרק.

אַלע אונדזערע חברים, אָן אויסנאַם, זענען געפאָרן קיין אַמעריקע צום ערשטן מאָל — געפאָרן צום ווײַטן, פרעמדן, „גאָלדענעם" לאַנד. איך אָבער בין שוין מיט אַמעריקע געווען באַקאַנט פון לאַנגע יאָרן, נאָך פון מײַן קינדהייט. און באַ־קאַנט געמאַכט מיט אַמעריקע האָט מיך מײַן פעטער זיידל — דער זעלביקער פעטער וואָס ביי אים אַריבערשווימען דעם אַטלאַנטיק איז געווען דאָס זעלבע וואָס פאַר אַ ביאַליסטאָקער אַריבערשפּרייזן די ביאַלע... פון דעם פעטער מיינעם האָב איך זיך אָנגעהערט מיט מעשׂות אָן אַ שיעור. איך האָב שוין געוווסט, אַז אין אַמעריקע זענען די היצן אַזוי גרויס, אַז מענער גייען אַרום אָן רעקלעך, מיט אַרבל פאַרקאַשערטע ביז איבער די עלנבויגנס; אַז די גאַסן זענען שמאָלע, חוץ די בראָדוויי און פינפטע עוועניו; אַז עס לויפן באַנען איבערן קאָפּ, באַנען אונטער דער ערד און מאַשינען אין אַלע זײַטן, אַזוי אַז דער מענטש פילט זיך ווי אַ שרויי־פעלע וואָס ווערט געדרייט פון אַ מעכטיקער מאַשין. מײַן פעטער האָט אויך גע־דאַט צו דערציילן פון „סוועט־שאַפּס", כאָטש ער אַליין איז קיין אַרבעטער ניט געווען; ער האָט ליב געהאַט מסחר, מענטשן, רעדערייען, פאַנטאַזיעס, בווידעס, נעכטיקע טעג... אפשר טאַקע צוליב דעם האָט ער געהאַלטן אין איין לויפן פון

חיהלע גראָבער

אַמעריקע אַהיים און צוריק. ער איז נאָכגעלאָפן דאָס מזל און אַלץ ניט געקענט עס דעריאָגן. ער האָט אָבער געפילט מיט אַ חוש פון אַ פשוטן מענטשן, אַז מען דאַרף לויפן פון רוסלאַנד, פון פוילן — פון אייראָפּע. ער האָט אויך געגלייבט, אַז אין די טיפענישן פון אַמעריקאַנער ערד ליגט גאָלד — מען דאַרף נאָר קענען גראָבן. איך האָב פאַרגעדענקט אַלע זיינע מעשות. איך האָב אויך פאַרגעדענקט, אַז אין די גרויסע היצן שלאָפן מענטשן אויף די דעכער און כ׳האָב זיך אויך אויסגעלערנט דאָס ווונדערלעכע לידל:

זומער ביינאַכט אויף די דעכער
דאַן איז דאָך די גאָלדענע צייט,
מען קריכט אַלעמאָל אַרויף העכער
און מען ווערט דאָרט פון צרות באַפרייט...



דאָס שפּעטערדיקע לידל, וואָס מיין פעטער האָט אַראָפּגעבראַכט איז געווען:

אוי, פעטער, פעטער פון אַמעריקע־לאַנד
שיק מיר דאָלאַרן נאָכאַנאַנד...






ערשטע פרעמיערע פון „הבימה" 8־טן אָקטאָבער 1918

1. נאַדיעזשדאַ מיכאַילאָווגאַ (די פרוי פון י. ב. וואַכטאַנגאָוו). 2. מולקע שוויף. 3. די מוטער פון נ. צמח. 4־5. זיין ברודער שמעון און פרוי. 6־7 ש. ווענדראָף און פרוי. 8. הרב מאַזע. 9. חיים גרינבערג. 10. יולי [illegible] פון „הבימה"). 12. פראָפעסאָר גלאַגאָלין.

דאָס דאָזיקע לידל מיט מיין גיטאַרע האָבן אונדז אַלעמען באַגלייט צו דעם „גאָלדענעם" לאַנד. אָבער ווער פון אונדז האָט דאַן נאָך געהאַט געזען דעם פּראָ־צעס ווי אַזוי מען קריגט אַרויס דאָס גאָלד? ! פריער פליסט פון הייסע קעסלען אַ קאָכעדיקע שוואַרצע בלאָטע; נאָכער הייבט אָן פליסן אַביסעלע באַגילדעטער שמוץ; נאָך דעם קומט אַ געלייטערטע — דורך פייער און פלאַם — אַ גאָלדענע פליסיקייט, דורכגעמישט מיט ערד, און ערשט שפּעטער קומט אַרויס ריין, בלענדנ־דיק, פייערדיק גאָלד! אָט אַזוי און נישט אַנדערש אַנטפּלעקט זיך אַמעריקע פאַרן עמיגראַנט.

מיר האָבן שוין אַלע געוווסט פון דעם באַרימטן „עליס־איילאַנד" דורך וועלכן עמיגראַנטן מוזן דורכגיין ביז זיי קומען אַריין קיין ניו־יאָרק. מיר זענען דאָך אָבער ניט געפאָרן ווי עמיגראַנטן — מיר זענען געפאָרן ווי דאָס ערשטע קינסט־לערישע נאַציאָנאַלע טעאַטער! און אויף אונדז האָט שוין געוואַרט גאַנץ יידיש־אַמע־ריקע! חוץ דעם האָט דאָך שוין דאָס מאָסקווער קונסט־טעאַטער געהאַט צו דער־ציילן פון זייער טורנע איבער אַמעריקע און זיי האָבן עפּעס ניט געבראַכט קיין דערינערונגען פון עליס־איילאַנד; די דערינערונגען האָבן אויך ניט געהאַט די באַליעוו־טרופּע, נישט דער „בלויער פויגל". און — דוכט מיר — אויך ניט די גרויסע ווילנער טרופּע, וועלכע איז געקומען קיין ניו־יאָרק פאַר אונדז. מיר, אָבער, האָבן זוכה געווען צו פאַרברענגען אויף עליס־איילאַנד די ערשטע 24 שעה. אונדז האָט אַמעריקע באַגעגנט מיט דעם שמוץ, מיט דעם געשטאַנק פון דעם הקדש וואָס האָט געהייסן „קעסל־גאַרדן".

פאַרוואָס גראָד אונדז און ניט די אַנדערע טרופּעס? פאַרוואָס ניט די גרויסע ווילנער טרופּע, נאָר די „הבימה"?

אפשר דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, און אפשר דערפאַר וואָס זיי זענען ניט געווען קיין נאַציאָנאַל טעאַטער וואָס האָט אין איין יאָר צייט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער ניט־יידישער טעאַטער־וועלט. איך מיין, אַז טאַקע נאָר דערפאַר וואָס זיי זענען געקומען אַלס אַ פאָלקס־טעאַטער צום פאָלק.

מיר זענען אַריין קיין ניו־יאָרק ערב ווייַנאַכט. ס׳איז געווען אַן עסיקע קעלט און דאָס ערשטע וואָס כ׳האָב דערזען איז געווען אַ רויט, פאַרפרוירן נעזל און אַ פּנים פאַרגאָסן מיט טרערן — מיין קליינע גניע! אַ היץ האָט געשלאָגן פון

איר ציטערדיקן קערפּער. איך האָב פאַרגעסן, אַז איך בין געקומען אַלס שווישפּי־לערין, כ׳האָב ניט אַ טראַכט געטאָן פון פּרעסע, פון קאַריערע, פון דעם אַלץ וואָס אַ קינסטלער דאַרף און טראַכט...

דער געראַנגל צווישן קינסטלערין און מענטש, קינסטלערין און פרוי, פאַר־פאָלגט מיך און דעם קאַמף פיר איך אָן מיין גאַנצן לעבן.

מיין משפחה האָט מיך אַרומגערינגלט און מיך אַוועקגעפירט אַהיים. די היים איז געווען אין באַרימטן „קוני־איילאַנד". מיין פעטער האָט באַשלאָסן, אַז ער דאַרף מיר געבן דעם ערשטן גרויסן „טהריל", ווי ער האָט עס מיר דערקלערט. כ׳הייסט — די ערשטע גרויסע איבעראַשונג, און ער האָט מיך אַריינגעפירט אין סאָבוויי (אונטערגרונט־באַן) און גראָד 5־6 אַזייגער, ווען ניו־יאָרק טוט אַ שפּיי אַרונטער טויזנטער מענטשן פון די שעפער, פון אָפיסן, פון געשעפטן. אויף דער ערשטער סטאַציע בין איך אַרויסגעשפּרונגען ווי אַ פייל פון בויגן און זיי נאָך מיר. ס׳איז ניט געווען קיין „טהריל", ס׳איז געווען אַ שוידערלעכע דערפאַרונג. ס׳איז אָבער מיר אַליין אומגלויבלעך ווי שנעל איך האָב זיך צוגעוווינט צו דער שרעקלעכער ערשטער דערפאַרונג מיינער, און ווי שנעל כ׳האָב אָנגעהויבן איינזען, אַז איך קען זיך אַמעריקאַניזירן.

די ציכטיקייט און די ליכטיקייט פון דער שטוב פון מיין משפחה האָט מיך אַריבערגעטראָגן צוריק אויף אַ צענדליק יאָר. איך בין שוין געווען אָפּגעוווינט פון היימישער סביבה, פון היימישן „אויוט" און זיכער שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן פון אַזאַ צערטלעכקייט, פון אַזאַ מוטערלעכקייט, ווי כ׳האָב געקראָגן איצט פון מיין מומע טייבעלע. איך מוז דאָ זאָגן, אַז מיין מומע טייבעלע איז ניט גלאַט אַ מומע, ווי מיר אַלע קענען זי; מיין מומע טייבעלע איז באמת אַ מאַמע. פון זינט מיין באָבע איז געשטאָרבן איז זי — טייבעלע — געוואָרן פאַר מיר דאָס, וואָס מיין באָבע איז געווען, — מיט דער גאַנצער זאָרג, מיט דער גאַנצער ליב־שאַפט און טריישאַפט. עס האָבן זיך דאָ איצט אויסגעמישט ביטערע טרערן מיט זיסער פרייד. מיין מומע האָט געוויינט אויף: „ביי וואָלט דאָס דיין מאַמע דער־לעבט!", און איך האָב געוויינט אויף די צוועלף פאָר שיך וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אין מיין געניטשקעס שאַפע. איך בין דאָך געקומען פון אַ לאַנד, ווו מען גייט ממש באָרוועס און דאָ... זי האָט גאַנץ אומשולדיק זיך באַמיט מיר צו דערקלערן, אַז דאָ אין אַמעריקע אַרבעט מען און אַז מען פאַרדינט קריגט מען וואָס ס׳האַרץ גלוסט, און אַז אין אַמעריקע טוט מען זיך אָן אַזוי „טו מעטש".

איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס ס'מיינט „טו מעטש” און זי האָט זיך ניט גע־פּוילט צו געבן מיר די ערשטע לעקציע: „אַלץ דאַרף זיין צוגעפּאַסט; שיך צום קאָסטיום אָדער קלייד, אַ הוט צו די שיך, הענטשקעס צום טאַש און אַזוי ווייטער און ווייטער...” זי האָט אָנגעהויבן פון אַ לעקציע און אַריבער צו זאַכן ממש. קיין זאַך וואָס כ'האָב געטראָגן איז ניט געווען „פאָר אַמעריקאַ”. דאָס ערשטע וואָס האָט זיי פּשוט שאָקירט איז געווען דער רונדער, גרויסער, מענערישער הוט. דאָס האָב איך געפירט פון בערלין. דאָרט אויפן וואָקזאַל ווען דער צוג האָט זיך אַ ריר געטאָן אונדז אַוועקצופירן צום שיף, האָט אַלעקסאַנדער גראַנאַך אויסגע־שריגן: „געדענק אָן מיך!”, און האָט אַראָפּגעריסן זיין הוט פון קאָפּ און אַריינ־געוואָרפן אים אין פענצטער פון וואַגאָן. מיר איז דער עכטער פּיליץ־הוט געפעלן, אָבער „נאָט פאָר אַמעריקאַ”...

כ'האָב זיך אויסגערוט און אָנגעזעטיקט זיך מיט היימישער אידיליע און בין אַרויס קיין ניו־יאָרק. די גאַנצע טרופּע האָט מען באַזעצט אין „אַנסאָניאַ”־האָטעל אויף סאָמע בראָדוויי. פאַר דער צייט וואָס איך בין געווען אויפן אינדזל „קוני” האָבן שוין חברים זיך אַרומגערינגלט מיט פריינט, מיט זשורנאַליסטן און זשורנאַליסטלעך; ס'איז פּשוט געוואָרן אַ געיעג ווער וועמען וועט איבערשטייגן אין אינטערוויוס. דער הויפּט־צוועק איז נאַטירלעך געווען אַריבערצושטייגן נחום צמחן. די אַרבעט איז געווען אָנגעפירט פון די עטלעכע מענער, וועלכע האָבן פאַרע־מענדירט אויף צמחס „פּאָזיציע”. די קאָמפּאַניע האָט זיך אָנגעהויבן גלייך פון ריגע און דאָ אין ניו־יאָרק האָט מען פּשוט פאַרלאָרן די קעפּ. עס איז לייכט אין ניו־יאָרק זיך צו פאַרלירן; דער טעמפּאָ פון ניו־יאָרק פאַרכאַפּט דעם אָטעם, דער ריטם פון ניו־יאָרק באַרויבט אייך פון אייער גלייכגעוויכט. עס זענען דאַן געווען די יאָרן פון אַמעריקעס גרעסטער „פּראָספּעריטי”. די לאָזונג פון אַמעריקע איז געווען: „האָרדי אַפּ” — שנעל אַרויף! יעדער איינער אין ניו־יאָרק האָט זיך גע־איילט איבערצויאָגן אַ צווייטן. די „עלעווייטערס” (אויבערשטע באַנען) האָבן אָן אָן אויפהער געקלאַפּט דורך טאָג און נעכט; די מאַסע, לויפנדיק אַרונטער און אַרויף די סאָבוויים, האָבן אייך ממש געוואָרפן פון איין זייט צו אַ צווייטער; די טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן זיך געאיילט צום און פון טעאַטער, האָבן אייך ווי מיטגעטראָגן מיט זיך.

אַלע ענגלישע טעאַטערס אין ניו־יאָרק ליגן אין איין קוואַרטאַל: צווישן 41סטע און 56סטע גאַסן, — אויף דער וועסט־סאַיד ביז 8טע עוועניו און אויף דער איסט־סאַיד ביז 5טע עוועניו און בראָדוויי. מאַגנאַטן אין צילינדערס מיט זייערע

לײדים אין גאָלד־קלײדער און טײערסטע פוטערס פֿלעגט מען אָפּט טרעפֿן אין די סאָבװײס פֿאַרנדיק אין טעאַטער, װײל מיטן אויטאָ װאָלטן זײ ניט אָנגעקומען אין צײט.

אויפֿן נײ־אָנגעקומענעם װאַרפֿט ניו־יאָרק אַרויף אַ שרעק. מען פֿילט, אַז דער שטראָם שטויסט אײך אַלץ װײטער אַװעק, און דער געדאַנק, אַז איר קענט אײנגאַנצן מיט דער צײט אַרויסגעשטויסן װערן מאַכט אײך ממש משוגע. איך האָב אַזוי געפֿילט. צװײ פֿראַזן, װאָס כ׳האָב אין די ערשטע טעג אין ניו־יאָרק געהערט, האָבן מיך יאָרן־לאַנג פֿאַרפֿאָלגט. אײנע איז: „אַמעריקאַ אײטהער מײקס יו, אָר ברײקס יו" — אַמעריקע בויט דיך אָדער צעברעכט דיך; און די צװײטע פֿראַזע האָט מיר מײן פֿעטער געזאָגט מיך צו באַרויקן: „הו העז טהי נעים, — העז טהי געים" — װער ס׳האָט דעם נאָמען האָט דעם געװינס... און דערבײ האָט ער אויסגעדריקט זײן טיפֿן גלויבן, אַז איך װעל מאַכן „טהי געים".

די „הבימה" האָט אָנגעהויבן אירע גאַסטראָלן אין אײנעם פֿון די ניט גאָר גרויסע בראָדװײער טעאַטערס. איך און זיכער אויך אַנדערע חברים האָבן גע־חלומט, אַז אין אַזאַ צענטער, װו טעאַטער בליט אַזוי, װעלן מיר זיכער שטײן דעם גאַנצן סעזאָן, און אפֿשר נאָך אײנעם, און ערשט שפּעטער אָנהײבן די פּראָ־װינץ, װי עס פֿירט זיך. אָבער װי שרעקלעך איז געװען די װירקלעכקײט! שוין נאָך דער צװײטער פּרעמיערע האָבן אָנגעהויבן װײען קאַלטע װינטן אין דער קאַסע, זײער שנעל זיך אַריבערגעטראָגן אין טעאַטער און פֿון דאָרט הינטער די קוליסן. בלויז אַכט װאָכן שפּעטער האָט מען שוין געפּאַקט די קאַסטנס צו דער טורנע איבער דער פּראָװינץ. ס׳האָט געהײסן „טורנע", אָבער אין דער אמת איז עס געװען בלויז עטלעכע שטעט, װו ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן באַװיליקט צו קויפֿן אַ פֿאָרשטעלונג. איך האָב דאַן ניט געװוּסט נאָך, אַז דאָס האָט פּשוט גע־הײסן „בענעפֿיטס". הימל־שרײענד! אַנשטאָט צו שאַפֿן געזעלשאַפֿטן בכדי אויפֿ־צובויען דאָס טעאַטער, און העלפֿן עס אין דער װײטערדיקער עקזיסטענץ, האָט מען געמאַכט אויף אים געשעפֿט. ס׳איז שוין אַריבער צװאַנציק יאָר און איך שוידער נאָך איצט, װען כ׳טראַכט װעגן דער פֿאָרשטעלונג אין באָסטאָן. דאָרט האָט דעם „דיבוק" געקויפֿט די „הדסה". זײ האָבן באַדאַרפֿט באַצאָלן, דוכט מיר, 500 דאָלאַר. פֿון דאָרט האָבן מיר באַדאַרפֿט פֿאָרן קײן טשיקאַגאָ. דער זאַל איז געװען איבערפֿולט, דער פּאַרטער, װי תמיד, באַזעצט פֿון די פּני... נאָך דער פֿאָרשטעלונג זענען אַרויפֿגעקומען הינטער די קוליסן עטלעכע דאַמען אין „אײװ־נינג־גאַונס" און מענער אין „פֿול־דרעסס" און האָבן געזאָגט צמחן, אַז זײ מוזן

צאָלן מיט 125 דאָלאַר וויניקער, ווייל ניט אַלץ איז געווען אויספּאַרקויפט און די „עקספּענסעס" גרויס. צמח האָט נאַטירלעך ניט געוואָלט אַקצעפּטירן, האָט זיך אָנגעהויבן דער האַנדל. די גאַנצע טרופּע איז געזעסן אויף די פּעק און קאַסטנס. צמח האָט זיך געבעטן ביי דער „קאָמיטע", אַז מיר וועלן פאַרשפּעטיקן דעם צוג און מיר מוזן שוין מאָרגן זיין אין טשיקאַגאָ. די ציוניסטישע הערשאַפטן, אָבער, האָבן לויטן גאַנצן עטיקעט פון „באָן־טאָן" קאַלטבלוטיק געוואַרט ביז צמח האָט אונטערגעשריבן די קבלה (מינוס 125 דאָלאַר).

אָט אַזוי, ביסלעכווייז, האָט מען זיך אָנגעהויבן צו באַקענען מיט יידן אין אַמעריקע.

## קאַפּיטל 31

# אין דער גאָלדענער עראַ פון יידיש טעאַטער אין אַמעריקע



אַ ווי אומעטום, און איצט ווי תמיד, האָט מיך געצויגן צו אַלטע קרובים, אַלטע פריינט און סתם צום פאָלק. מען קען נישט האָבן קיין ריכטיקן באַגריף פון מענטשן, אַז מען זעט ניט זייערע היימען און זיי — אין די היימען. האָב איך אָנגעהויבן מיינע קורצע וויזיטן און מיר דוכט זיך, אַז פון די אַמעריקאַנער היימען האָט זיך אָנגעהויבן מיין ליבשאַפט צו ניו־יאָרק. איך רעד וועגן היימען פון קליינבירגער, היימען פון אַרבעטער, פון לערער, פון אָפיס־מענטשן, פון שרייבער, פון טעאַטער־מענטשן. אין די אַלע קליינע היימען ליגט דער גרויסער פאַרנעם, די ברייטהאַרציקייט פון אַמעריקע. אפשר האָבן די אַמעריקאַנער אַליין עס ניט געפילט, ווייל אַלץ צו וואָס מען ווערט צוגעוויינט ווערט נאַטירלעך. ס׳איז אָבער ווייט ניט נאַטירלעך און גאָרניט פשוט פאַר אַ מענטשן, וועלכער האָט געוווינט אויף אַ „פלאָשטשאַד" — אויף אַ שטח פון פיר אויף פיר און וועלכער האָט געהאַט פון איין זייט אַ שכן אַ שיכור וואָס פלעגט שלאָגן דאָס ווייב וואָס פלעגט אים ניט צולאָזן צו איר צוועלף־יאָריק מיידל, און פון דער צווייטער זייט אַ פאָרפאָלק ־ אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געזידלט מיט די שמוציקסטע ווערטער. און דאָס איז אָנגעגאַנגען יאָר־איין יאָר־אויס. שוין ניט רעדנדיק פון אַנדערע אומבאַקוועמלעכקייטן, — האָט מיך די אַמעריקאַנער היים ממש צענומען. איך האָב לאַנג ניט געקענט קומען צו זיך פון אַזאַ ליכטיקייט אין אַ

### חיהלע גראָבער

היים! מען קוקט גאָרניט אויפֿן זייגער — עס ברענט. דאָן די וואַרעמקייט! די ריינקייט! נו, און די אַמעריקאַנער קיך? די עלעקטרישע איינריכטונגען, די אַלע מאַשינען און מאַשינקעלעך, מעסערס און מעסערלעך. די קליינִיקייטן, קליינִיקייטן וואָס אָן זיי, איז דאָס לעבן געווען אַזוי שווער און פֿינצטער...

איינע פֿון די ערשטע היימען, וואָס כ'האָב באַזוכט, איז געווען די היים פֿון מיין ביאַליסטאָקער מאיר שוואַרץ. מאיר איז אַ זון פֿון שוואַרצן פֿון די מאַשינען, וועלכער האָט געהאַט זיין וואַרשטאַט אויף ליפּאָווע, אויף דער צווייטער זייט פֿון דער צערקווע, לעבן ליסן פֿון די שיך. איך בין נאָך געווען גאָר יונג און געדענק פֿונדעסטוועגן, ווי דער מיאוסער בחור האָט געפּירט אַ ליבע מיט דער שייִנינקער רחלע סלאַפּאַק. זי האָט מיר טאַקע דאָ איצט דערמאָנט, ווי איך האָב זי איין מאָל באַגלייט פֿון פּאָווענטשיזנע ביז דער צערקווע און האָב איר פֿאַרטרויט דעם סוד פֿון מיינע גרויסע חלומות... מאיר שוואַרץ איז איצט אין אַמעריקע געווען אַ טעאַטער־סופֿלער. און ער איז טאַקע געווען דער ערשטער, וועלכער האָט מיך באַקענט מיט די הינטער־קוליסן פֿון דער „סעקאָנד־עוועניו". פֿון אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן אַ שטאַרקע „יוניאָן" — אַזוי שטאַרק, אַז אפֿילו דער גרעסטער, דער וועלט־באַרימטסטער אַרטיסט קען ניט אַריין אין דער יוניאָן, ביז ער האָלט ניט עקזאַמען, און עקזאַמינירן מוזן אים, ניט נאָר אַ קאָלעגיע פֿון גרויסע שוישפּילער, נאָר טאַקע די כאָריסטקעס אַליין אויך. און ער האָט מיר אויך דערציילט ווער עס זענען די כאָריסטקעס... אָבער אַז זיי גיבן אַריין אַ „נאָ" איז פֿאַרפֿאַלן! ביזטו אוים שוישפּילער, אוים „טאַלענט" און די וועלט איז אַ ליגנער.

איצט, אַז איך האָב שוין געהאַט אַ באַגריף וועגן די יידישע טעאַטערס, האָב איך אָנגעהויבן זיך צו באַקענען מיטן טעאַטער גופֿא און מיט די שוישפּילער.

וועגן מאָרים שוואַרצן און זיין קונסט־טעאַטער האָט אונדז שוין דערציילט קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש סטאַניסלאַווסקי און גערעדט האָט ער וועגן דעם מיט גרויס באַגייסטערונג. עס איז געווען פֿון וואָס באַגייסטערט צו ווערן! עס איז דאָן געווען דער גלאַנץ־פּעריאָד פֿון דעם קונסט־טעאַטער. עס האָט זיך אָן עפּן געטאָן דער פֿאַרהאַנג, האָבן אַ לויכט געטאָן די דעקאָראַציעס פֿון ברוך אַראָנסאָן; עס האָט אַ קלונג געטאָן מוזיק פֿון יוסף אַכראָן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטפּלעקן פֿאַר אייך יידישע שוישפּילער! עס האָט אַ גלאַנץ געטאָן, אין גאָר ניט קיין הויפּט־ראָלע, צילי אַדלער — וואָס פֿאַרא הומאָר, וואָס פֿאַרא אויגן,



„מבול" — דריטער אַקט

פון רעכטס: בענאָ שניידער, וויניאַר, ד. איטקין, ס. פרודקין, ח. גראָבער,
רייקין בן־ארי; אויבן: ד. פרידלאַנד.

קויפל טאַלענט אין יעדער באַוועגונג! דאַן האָט פּלוצלונג דער גאַנצער זאַל אַ שטורעם געטאָן אין אַן אַפּלאַוז. ס'איז נאָך קיינער ניט געווען אויף דער בינע, בלויז אַ שטימע פון הינטער די קוליסן האָט זיך דערהערט און ס'איז אַרויסגע־קומען אַ יידענע — אַ יידענע וואָס האַנדלט מיט גענדז. האָט זי גערעדט — פּשוט גערעדט און מיר האָט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע בינע איז איין גרויסער מאַרק פון גענדז, וואָס גראַגערן, גראַגערן, שרייען איבער די קויפערס, די פאַר־קויפערס, ראַנגלען זיך אונטערן חלף... דאָס האָט געשפּילט די גרויסע, אַלטע בינע אַבראַמאָוויטש. גאָט מיינער ווי אוממיטלבאַר, ווי טאַלאַנטפול — ווי גרויס!!

נאָך דעם האָב איך דערזען איזידאָר קעשיר — דעם ליִיב! איזידאָר קעשיר האָט געהאַט לאַנגזאַמע, שווערע באַוועגונגען און אַן אינערלעכן טעמפּעראַמענט. אַז ער פלעגט גיין אויף דער בינע, האָט איר געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער גייט ניט פאָרויס, נאָר ערגעץ אין דער טיף און זיין שטימע האָט געהאַט אַזאַ וויבראַציע, ווי זי וואָלט געקומען צו אונדז פון די טיפסטע טיפענישן ערגעץ ווו. זיין רעדן איז תמיד געווען דורכגעשניטן מיט אַ מין ברום־ם־ם... ווי פון אַ ליִיב ממש. מיך האָט איזידאָר קעשיר דערגרייכט ביז צום סאַמע האַרץ. נאָך אַ קערנדיקע, טאַ־לאַנטפולע כאַראַקטער־שוישפּילערין מיט אַ פיגור און מיט אַ קאָפּ פון אַ „גראַנד־דאַם" איז געווען חנה אַפּעל. וואָס פאַראַ פרייקייט אויף דער בינע, וואָס פאַראַ לייכטקייט אין איבערגאַנג פון ערנסט צו הומאָר!

דאָס איז דאָן געווען דער אַנסאַמבל פון קונסט־טעאַטער.

אויף דער סעקאָנד־עוועניו האָב, אָבער, דאַן געשפּילט פינף טעאַטערס. די קליי־נע מאַלי פּיקאָן — אין גרויסן „סעקאָנד־עוועניו־טעאַטער" — האָט געשפּילט פאַר אַ טויזנט־קעפּיקן עולם. זי איז דאַן געווען די איינציקע אָפּערעטן־שוישפּילערין. מאַלי איז ניט פון דעם טיפּ אָפּערעטן־שוישפּילערינס, וואָס מען איז געוווינט צו זען. זי איז ניט ווייבלעך, זי האָט ניט די עלעגאַנץ פון אַ פרוי, זי האָט ניט דעם „סעקס־אַפּיל", — זי האָט ניט דאָס אַלץ, וואָס ס'האָט געהאַט קלאַרע יאַנג אָדער די באַרימטע רו־סישע פּאָטאָפּטשינאַ. מאַלי האָט אָבער געגלאַנצט מיט איר אייגענעם „איך". זי האָט דאַן געשפּילט „די מאַמעלע" וואָס ס'האָט פאַר איר אָנגעשריבן טאָקע מיין פריינט מאיר שוואַרץ. האָב איך שוין מער קיינמאָל ניט געזען ביי איר אַזאַ וווּנדערלעך צוגעפּאַסטע ראָלע, ווי „די מאַמעלע" איז פאַר איר געווען. מאיר שוואַרץ האָט אַרויסגעבראַכט אַלע אייגנשאַפטן וואָס מאַלי האָט אין זיך פאַר־מאָגט: נאַיִוויטעט, גוטסקייט, קלוגשאַפט, אַ מין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון וועל־כער אַ קינד ווערט אַזוי רירנד. עס זענען דאָ שוישפּילער, וועלכע האַלטן, אַז

אַפּערעטע איז ניט קיין קונסט, ס'זענען אויך דאָ צושויער אַזעלכע. דאָס האָט ניט סטאַניסלאַווסקי, ניט וואַכטאַנגאָוו קיינמאָל ניט געזאָגט. יעדער צווייג פון קונסט איז קונסט, ווען מען שפּילט עס טאַלאַנטפול, און די קליינע מאָלי האָט געהאַט גרויס טאַלענט און אויך אינטעליגענץ און שולע.

אין „נעשאָנעל"־טעאַטער האָט דאַן געשפּילט סאַמועל גאָלדענבורג. ער איז געווען דער עכטער טיפּ פון אַ ליבהאָבער, אַ העלד. ער האָט געהאַט אַ פּירשט־לעכע פיגור; אַ שיינעם קאָפּ און אַ פּאָר אויגן וואָס, אַז זיי האָבן בלויז אַ קוק געטאָן אויף אַ פרוי איז געווען פאַרזיכערט זיין זיג... חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ ווייכע, מוזיקאַלישע שטימע און ער איז דאַן געווען דער ליבלינג פון פּובליקום.

יידיש אַמעריקע האָט אין יענע יאָרן געהאַט ניט בלויז די פינף טעאַטערס אויף דער „עוועניו". עס זענען געווען דאַן עלף טעאַטערס איבער ניו־יאָרק, ברוקלין, בראָנזוויל און בראָנקס. עס איז געווען אַ מאַקס־גייבל־טעאַטער אויף דער באַוערי — אין דעם סאַמע געדיכטן פון דער אָרעמקייט און געפאַלנקייט. אָבער אין דעם טעאַטער האָט געשפּילט שונד־פּיעסן דזשעני גאָלדשטיין. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווי מיר — אַ גרויסע גרופּע פון אונדזערע בעסטע שוישפּילער — זענען געזעסן אין טעאַטער און זיך באַגאָסן מיט טרערן. אונדזערע מענער האָבן געוויינט. איך וועל אויך ניט פאַרגעסן אין וואָס פאַראַ טראַנס דזשעני איז געווען, ווען מיר זענען אַריין צו איר בעתן אַנטראַקט:

— עס איז פאַר מיר אַ געוואַלדיקע איבערראַשונג, וואָס אייערע שוישפּילער זענען געקומען אַהער מיך זען. איר ווייסט איך שפּיל „שונד" „שונד"! אָבער דאָס פאַרקויף איך...

פונקט אַזוי ערלעך ווי דזשעני גאָלדשטיין האָט גערעדט, האָט זי געשפּילט. עס איז אַ גליק פאַר די שוישפּילער, וועלכע קענען זיך אַליין געפינען. מען טראַכט ניט אויס, אַז מען דאַרף שפּילן ליבהאָבערינס, ווען מען איז געבוירן אַ מאַמע; מען גייט ניט אויף וועגן פון גרויסער טראַגעדיע, ווען מען האָט די אייגנשאַפט פאַר לייכטער דראַמע. מען שפּילט זיך און מען נוצט אויס אַלע אייגענע מיטלען. אָט אַזוי זענען אויסגעוואַקסן די גרויסע אַמעריקאַנער שוישפּילער אונדזערע.

דער גרעסטער קאָמיקער איז אין אַמעריקע דאַן געווען לודוויג זאַץ. איך האָב

שוין דאַן געהאַט געזען דעם גרויסן רוסישן קאָמיקער מיכאיל טשעכאָוו; כ'האָב שוין באַוווּנדערט דעם דייטשישן קאָמיקער פּאַללענבערג, — איך בין אָבער גע־וואָרן אַנגעפילט מיט אַ מין פרייד, ווען כ'האָב דערהערט זאַצן! ... מיר דוכט זיך, אַז דער סוד פון זיין דערפאָלג איז געווען ניט נאָר זיין גרויסער טאַלענט, ניט נאָר זיין אויסערגעוויינלעכער הומאָר, אויך ניט זיין מוזיקאַלישקייט, פּלאַס־טישקייט — ניט בלויז דאָס — עס איז געווען ביי אים אַזאַ אינטימיטעט, אַזאַ וואַרעמקייט וואָס פלעגט אייך אָנפילן מיט דער גרעסטער פרייד וואָס טעאַטער קען געבן. איך בין אַרומגעלאָפן איבער די אַלע טעאַטערס ניט אויס נייגעריקייט, נאָר זעענדיק אַנדערע שוישפּילער קען מען אויסגעפינען וואָס עס פעלט דיר אַליין. און דאָס ערשטע וואָס כ'האָב אויסגעפונען איז: אַז עס פעלט אונדז די געוואַל־דיקע טעכניק. און טעכניק אַרבעט זיך אויס נאָר אין שפּילן. אין שפּילן פאַרשי־דענע פּיעסן, פאַרשידענע ראָלן. טעאַטער באַשטייט, אָבער, ניט בלויז פון אַק־טיאָר — ווי גרויס ער זאָל ניט זיין. טעאַטער באַשטייט פון אַקטיאָר און פּובלי־קום. אַ פּובליקום וואָס פאַרשטייט און רעאַגירט אויף יעדן וואָרט. אַקטיאָרן אין ניו־יאָרק האָבן דאַן געשפּילט יעדע נאַכט, — שבת און זונטיק צוויי מאָל אַ טאָג. שוישפּיל איז אַריין אין זייער בלוט. טעאַטער איז געוואָרן זייער היים. האָבן טאַקע די ברעטער געברענט אונטער זייערע פיס!

קאַפּיטל 32

# דער פאַרהאַנג פאַלט...



ונדז האָט געפעלט אַ סך פון דעם וואָס די אַמעריקאַנער שוישפּילער האָבן געהאַט, אָבער וואָס זיי האָבן ניט געהאַט איז געווען — אַ טעאַטער! אַפילו דאָס מאָרים שוואַרצס „קונסט־טעאַטער" איז ניט געווען דאָס, וואָס סטאַניסלאַווסקי האָט אַנטוויקלט און וואָס אַנדערע און אויך מיר האָבן נאָכגעפאָלגט. מאָרים שוואַרצס טעאַטער איז געווען אַ געשעפט־אונטערנעמונג פון אַן אַקטיאָר וואָס האָט אויך פאַרמאָגט גרויסע אַדמיניסטראַטיווע פעיקייטן. שוישפּילער זענען אַנגאַזשירט געוואָרן פאַרן סעזאָן. אין יענעם יאָר האָט אויך יעקב בן־עמי אָרגאַניזירט אַ קינסטלער־גרופּע וואָס האָט געשפּילט ליטעראַרישע פּיעסן, — ס'איז אָבער אַלץ ניט געווען קיין טעאַטער מיט דער גרויסער אידעע צו אַנטוויקלען און דערציען אַ קולטורעלן צושויער — צו קעמפן און באַקעמפן דעם שונד אין וועלכן עס זענען געזונקען אַזוי פיל טאַלאַנטפולע שוישפּילער. מיר, אָבער, האָבן יאָ פאַרמאָגט אַ טעאַטער. מיר האָבן פאַרמאָגט אַן אויסגעשולטן אַנסאַמבל; אַ שולע, וועלכע מיר האָבן געקראָגן פון וואַכטאַנגאָוון און פון סטאַניסלאַווסקין. אונדזער כוח איז געווען אין דעם, וואָס די „הבימה" האָט פאַרמאָגט גאַנצקייט, פולקייט און גרויסע אידעע. אָבער ניט אַלע שוישפּילער זענען און הערן גוט אַ צווייטן שוישפּילער. די מערסטע פון אונדז זענען און הערן בלויז זיך אַליין. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם פּרעכטיקן באַנקעט וואָס די גרויסע ניו־יאָרקער שוישפּילער האָבן לכבוד

אונדז געגעבן און די רעדע וואָס איינער פון די צוזייט־ראַנגיקע „הבימה״־שוישפּי־לער האָט געהאַלטן... ווי אַזוי ער האָט געדערט צו זיי וועגן דעם, אַז זיי דאַרפן קומען צו אונדז זיך לערנען... ווען איך וואָלט דאַן פאַרמאָגט איין פּראָצענט פון דער געוואַגטקייט זיינער, וואָלט איך אויפגעשטאַנען און כ׳וואָלט זיך אַנטשול־דיקט פאַר די עלטערע חברים פון, יידישן טעאַטער אין אַמעריקע. ס׳האָט מיך געהויבן פון פּלאַץ, אָבער כ׳האָב ניט געהאַט דעם מוט נאָך דאַן צו רעדן. אָט די דאָזיקע איינבילדונג האָט אויך דערפירט צו דער טראַגישער שפּאַלטונג פון דער „הבימה״.

א סך פון אונדז האָבן געגלויבט אין דעם, אַז ווו זיי שטייען, דאָרט איז די „הבימה״. אַמשטאַרקסטן האָבן געגלויבט אין דעם די ייִנגסטע — די גרופּע וואָס האָט אונטערשטיצט נ. צמחן און וועלכע איז מיט אים מיטגעגאַנגען.

צום ענדע פון אונדזער סעזאָן אין ניו־יאָרק — פיר חדשים נאָך דעם ווי מיר האָבן דאָרט אָנגעהויבן שפּילן — האָט זיך דער „הבימה״־קאָלעקטיוו אָפּ־ציעל צעטיילט אויף צוויי גרופּן. איינע איז באַשטאַנען פון דער מערהייט מיט די עלטערע שוין אָנערקענטע שוישפּילער, און די צווייטע — פון אַ קליינער גרופּע ייִנגערע און שוואַכערע שוישפּילער, מיט דער אויסנאַמע פון אַ צוויי־דריי. נחום צמח האָט עס באַשלאָסן מיט דער לעצטער גרופּע אָנצוהויבן צו בויען אַ צווייטע „הבימה״. גאָט מיינער! וואָס פאַר אַ שגעון! די געשיכטע פון דעם יונגן טעאַ־טער האָט זיך שוין דאַן געצויגן כמעט צוויי צענדליק יאָר. נ. צמח האָט דאָך דעם חלום מיטגעטראָגן פון זיין פּריסטער יוגנט אָן; ער האָט שוין דורכגעלעבט דעם זוויטיק פון דעם ערשטן גרויסן דורכפאַל ביים ווינער קאָנגרעס; די אַלע שוועֶ־ריקייטן פון די ערשטע יאָרן אין מאָסקווע. נ. צמח האָט דאָך ניט געבויט די „הבימה״ ווי אַ מענעדזשער טוט עס פאַר געשעפט; עס איז דאָך געבויט געוואָרן מיט דער אידעע צו ווערן דער טעמפּל פון קונסט. דער ענטוזיאַזם מיט וועלכן וואַכטאַנגאָוו האָט אָנגעהויבן די אַרבעט מיט אונדז איז געווען נאָר אַ דאַנק דער גרויסער אידעע וואָס נ. צמח האָט פאַר אים מיט אַזוי פיל פּאַטאָס און גלויבן געשילדערט. וואַכטאַנגאָוו איז ניט געווען פאַראינטערעסירט אין נאָר איינער אַ גרו־פּע וואָס וויל לערנען טעאַטער־קונסט... אַזעלכע גרופּעס זענען געווען דאַן אין מאָסקווע אין די צענדליקער און וואַכטאַנגאָוו איז שוין דאַן געווען דער איינצי־קער גרויסער לערער צו וועמען אַלע האָבן זיך געצויגן! ער האָט זיך אָבער אַריינ־געוואָרפן אין דער אַרבעט מיט אונדז מיט לייב און לעבן! זיין אידעע איז געווען אויסצובילדן נישט נאָר דעם איינצלנעם אַקטיאָר, נאָר דאָס גאַנצע טעאַטער.

ער האָט אונדז געלערנט ניט בלויז טעאַטער־קונסט, נאָר אויך געלערנט ווי אַזוי טעאַטער צו בויען. אַלץ וואָס געהערט צום בנין און צו דער בינע דאַרף געמאַכט ווערן מיט אייגענע כוחות — מיט אייגענע הענט. ער איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז דעם ערשטן בינע־פאָרהאַנג זאָלן מיר — די גאַנצע גרופּע — נייען אַליין. וויפל נעכט זענען פאַרגאַנגען אין דער הייליקער אַרבעט! וויפל טרוימען זענען אַריינגעניייט געוואָרן מיט יעדן שטאָך פון דער נאָדל! וויפל לידער זענען אַריינגעזונגען געוואָרן אין יעדן פעלדעלע! מען האָט ממש זיך אַריינגעוועבט אין די טיכער פון יענעם פאָרהאַנג!

וויפל לײדן האָט מען דורכגעוויטיקט ווען מען האָט דעם פאָרהאַנג געעפנט פאַר צען, פאַר אַכט און אַפילו פאַר זעקס מענטשן אין זאַל. וויפל פרייד האָט דער פאָרהאַנג געבראַכט ווען ער האָט זיך אַן עפן געטאָן מיטן גרעסטן ספּעקטאַקל דאָן אין מאָסקווע — דער „דיבוק"! עס האָבן באַדאַרפט זיין ספּעציעלע דעמאָנישע, שוואַרצע כוחות, בכדי אַזאַ הייליקן בנין צו צעשטערן!! און ווי שרעקלעך איז צוצוזען ווי אַזאַ בנין פאַלט!... אַלץ אין אייך רופט צו הילף און איר זענט אַזוי טראַגיש הילפלאָז צו באַקעמפן די סטיכיע.

צו צוויי פאַרזאַמלונגען האָב איך דאָן געקראָגן די איינלאַדונג: די ערשטע איז געווען ביי נ. צמחן מיט זיין גרופּע, און די צווייטע — באַלד אויף מאָרגן — פון דער צווייטער גרופּע. ס'איז געווען קלאָר, אַז דער קאַמף איז געענדיקט און אַז ס'איז ניטאָ קיין מיטל וואָס וואָלט געקענט בייטן די סיטואַציע; אָבער עס האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט גלייבן! און די אומרויקייט האָט געצוווּנגען כאָטש עפּעס צו טאָן. איך האָב געפילט, אַז די חברים, וועלכע גיבן צו צמחן מוט אַוועקצוגיין פון זיין אייגענעם טעאַטער, באַגייען דאָס גרעסטע פאַרברעכן; איך האָב געפילט, אַז אַ סך פון דעם, וואָס נ. צמח פלעגט זאָגן די, וועלכע האָבן אין די ערשטע יאָרן געוואָלט פאַרלאָזן די „הבימה", מוז מען איצט דערמאָנען אים אַליין. איך האָב געפילט פאַר מיין פליכט צו זאָגן נ. צ., אַז אויב אַפילו איך וועל פאַרבלייבן אין ניו־יאָרק, וועל איך אונטער קיינע אומשטענדן ניט גיין מיט אים. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן צמחס אויסערלעכע רויקייט און זיינע פיבערהאַפטע אויגן וואָס האָבן גערעדט מער, ווי ער איז ווען ניט איז אימשטאַנד געווען צו רעדן; איך געדענק ווי זיי האָבן אַ בליץ געטאָן, ווען כ'האָב אים געזאָגט, אַז אין אַ קורץ לעבן קען מען אויפבויען בלויז איין גרויסע זאַך. איך געדענק ניט נ. צ. זאָל האָבן אויסגערעדט איין וואָרט פאַר דער כמעט פולער שעה וואָס איך בין דאָרט געווען. איך בין אַוועק מיטן געפיל, אַז ווען נאָך אימיצער פון די ערשטע

## חיהלע גראָבער

אַלטע חברים וואָלטן גערעדט אַזוי, ווי איך האָב צו אים גערעדט, וואָלט מען אין אים גנבראָכן די עקשנות וואָס האָט אים באַהערשט; אָבער קיינער איז ניט געקומען, ווייל קיינער האָט ניט געוואָלט...

צו דער צווייטער פאַרזאַמלונג בין איך געגאַנגען צו געפינען זיך אַליין, צו דערהערן דעם אָפּקלאַנג פון אמת און גלויבן אין מיין אייגן הארץ. כ'האָב ניט געהאַט דעם מינדעסטן געפיל פון פאַראורטייל און דער געפיל פון שנאה איז מיר איבערהויפּט פרעמד! ביים אַריינגאַנג האָט געוואַרט מיין חבר דוד איטקין, וועלכער איז צוגעלאָפן און אַ פרעג געטאָן: „חיהלע דו פאָרסט מיט?". איך האָב געוווסט, אַז אָן מיין באַשלוס הענגט אָפּ זיינער, אָבער כ'האָב ערלעך געענטפערט, אַז כ'ווייס נאָך ניט. איך בין אַ פרידלעכע אַריין אין צימער וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט דינאַמיט!... עס האָבן זיך ווי אַ האָגל אַ שאָט געטאָן אויף מיר באַשולדיקונגען, זידלערייען: ווי וואַג איך צו קומען צו זיי נאָך דעם, ווי כ'בין געווען נעכטן ביי צמחן! מען וויל ניט רעדן וועגן קיין זאַך אין מיין קעגנוואַרט... עס זענען געפלויגן פראַזן „שפּיאָנירן"... איך בין געקומען אויסשפּיאָנירן און אַריבערטראָגן צו צמחן אַלץ וואָס כ'וועל דאָ הערן. מען פאָדערט איך זאָל פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג... די איינציקע, וועלכע איז אויפגעשפּרונגען איז געווען חנה ראָווינאַ. זי האָט געזאָגט, אַז זי שעמט זיך פאַר די, וועלכע האָבן אַזוי גערעדט צו מיר... אַז איך בין איינע פון זייערע בעסטע שוישפּילערינס... אַז מען דאַרף מיך. זי האָט געזאָגט, אַז זי ווייס אַפילו ניט פאַרוואָס זי שפּילט און איך ניט... ס'איז געווען צום ערשטן מאָל פאַר אונדזערע צען יאָר אַרבעט. וואָס חנה ראָווינאַ האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ גרויסמוטיקייט: וואָלטן די ווערטער אָפּגעקלונגען אין אַ פרידלעכער אַטמאָספער, וואָלט מיין גורל געווען באַשטימט און איך וואָלט אַוועק מיט זיי. אָבער אירע רייד האָבן ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג אַפילו אין די הערצער פון די, וועלכע האָבן, מיט אַ קורצער צייט שפּעטער, אויף פאַרשידענע אופנים פאַרראַטן די „הבימה"... אירע ווערטער זענען ערגעץ ווו איינגעזונקען געוואָרן! און איך האָב דערפילט אַזויפיל שנאה, אַזויפיל אומצוטרוי, אַזויפיל אינטריגע!! איך בין אין יענעם הייסן טאָג אַרומגעגאַנגען אַ דורכגענומענע מיט אַ ביטערער קעלט! אַ קעלט פון אַ פוסטקייט! כ'האָב פאַרלוירן דעם גלויבן!

* * *

אין אונטערשטן דעק פון דריטן קלאַס, אין אָנגעברענטע און געשטיקטע קאָרידאָרן, האָב איך זיך געזעגנט מיט מיינע צוויי ליבסטע, אַוועקפאָרנדיקע חברים —



נחום צמח אין דער ראָל פון נביא אין „יהודי הנצחי" פון ד. פינסקי.

חנה ראָווינאַ און אהרון מעסקין. צוזאַמען מיט מיר איז געווען מיין פריינט און חבר ד. איטקין, אַ פריינט פון איינער פון די שוישפּילערינס — י. לאַנדאו, און מרדכי דאַנצים — אַ גוטער פריינט פון דער „הבימה”. מיר זענען נאָך האַלבער־נאַכט געגאַנגען איבער די גאַסן פון דער איסט סייד, יעדער איינער פאַרטיפט אין זיינע אייגענע געדאַנקען. עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן ווען מיר זענען אַריין אין ציי־מער צו י. ל. איך האָב אַראָפּגעוואָרפן די שיך און זיך איינגענורעט אין ווינקל פון אַ סאָפע. מיר זענען אָפּגעזעסן דאָרט פון צוויי פאַרטאָג ביז ניין אינדערפרי. אין די פרימאָרגן־שעהן איילן זיך די מיליאָנען ניו־יאָרקער צו פאַבריקן, צו אָפיסן, צו שולעס און בענק, — איך בין לאַנגזאַם געגאַנגען אַן אַ וווהין און אַן אַ „צו וואָס”...

די זיבן שעה וואָס כ'בין אָפּגעזעסן ביי י. ל. זענען פאַרבליבן ווי אַ סימבאָל פון אַ שבעה וואָס כ'בין אָפּגעזעסן נאָך מיינע ערשטע, יונגע, שעפערישע צען יאָר!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער טעמפּאָ פון ניו־יאָרק וועקט אייך, דער ריטם פון ניו־יאָרק פילט אָן די לופט מיט אַ מין וויבראַציע וואָס רעגט אייער פאַנטאַזיע. מיר דוכט זיך, אַז אין ערגעץ אין דער וועלט איז דער מענטש ניט אַזוי שעפעריש ווי אין ניו־יאָרק; ניו־יאָרק אַנטדעקט אין אייך פאַרבאָרגענע כוחות און דעקט אויף פאַר אייך מעגלעכ־קייטן אָן אַ סוף. עס האָט מיר ניט גענומען לאַנג אויסצוקלייבן מיינע פריינט און אויסצוגעפינען מיינע לערער, און כ'האָב זיך אָנגעהויבן גרייטן צו מיין וועג אַליין.

סוף

# אינהאַלט

זייט


אריינפיר — — — — — — — — — — — — — — 5

קאַפּ. 1. שטאַם און וואָרצלען — — — — — — — — — — — 7

קאַפּ. 2. מיין היים — — — — — — — — — — — 13

קאַפּ. 3. מיין באבע טויבע־ריווע — — — — — — — — 21

קאַפּ. 4. דאָס ערשטע טעאַטער. — פעטער קלמן — — 27

קאַפּ. 5. מיין מומע טייבעלע. — אונדזערע שכנים — — 35

קאַפּ. 6. פריינט פון די קינדער־יאָרן — — — — — — — 43

קאַפּ. 7. ביאַליסטאָקער פּאָגראָם — — — — — — — 53

קאַפּ. 8. מיין שטעטל מיליטשיצי — — — — — — — 59

קאַפּ. 9. אויסלאַנד. — מען אנטדעקט מיך — — — — — 67

קאַפּ. 10. אין גימנאַזיע. — יאָר 1914 — — — — — 73

קאַפּ. 11. איך וויל ווערן א קראַנקנשוועסטער. — קיין כּאַרקאָוו — — — — — — — — — — — 77

קאַפּ. 12. א חלום. — ביי מיין מאַמעס בעט — — — 81

קאַפּ. 13. די שמערקאָוויטשעס. — פרילינג 1917 — — 87

קאַפּ. 14. נחום צמח — דער גרינדער און גייסטיקער פירער פון דער „הבימה" — — — — — — — — 95

קאַפּ. 15. מיינע ערשטע טריט אין דער „הבימה" — — 103

קאַפּ. 16. יעווגעני באַגראַטיאָנאָוויטש וואַכטאַנגאָוו — — 109

קאַפּ. 17. ראַשעל סטאַראָביניעץ — — — — — — — 115

קאפּ. 18. שושנה אביבית. — מרים עליאס. — בנימין צמח. — דוד איטקין — — — — — — — — — 121

קאפּ. 19. „נשף בראשית" — — — — — — — — — — 129

קאפּ. 20. יוגנט ווערט אומרויִק... — — — — — — 133

קאפּ. 21. דורך פּולווער און בלוט — — — — — — — 139

קאפּ. 22. לעגאטאָ און סטאַקאטאָ — — — — — — — 147

קאפּ. 23. יולי ענגעל. — מ. פּ. גנעסין — — — — — — 151

קאפּ. 24. אַ ווינטער מיט קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש סטאַ־ניסלאַווסקי — — — — — — — — — — — 157

קאפּ. 25. די לעצטע טעג פון יעווגעני באַגראַטיאָנאָוויטש וואכטאַנגאָוו — — — — — — — — — — 161

קאפּ. 26. מיין גרויסע פּרעמיערע — — — — — — — — 165

קאפּ. 27. טריומף־צוג פון דער „הבימה" — — — — — 171

קאפּ. 28. פרילינג און יוגנט — — — — — — — — — — 179

קאפּ. 29. אויף דער גרויסער אייראָפּעיִשער בינע... — 183

קאפּ. 30. פּאריז — ניו־יאָרק — — — — — — — — — 189

קאפּ. 31. אין דער גאָלדענער ערא פון יידיש טעאטער אין אַמעריקע — — — — — — — — — — — — 199

קאפּ. 32. דער פאָרהאַנג פאַלט... — — — — — — — 205

